חיבוריו שהופיעו: ספרו הראשון „שולטנה" (תרפ"ד), קובץ פיוטים „השתפכות" (תרפ"ה), קובץ שירים „ארצי" (תרפ"ח), „ארצנו הקדושה", קובץ סיפורים וציורים (תרצ"ד), ספר שירים „סנה", הוצא על ידי „בני־ציון" למלאת 25 שנה לעבודתו הספרותית, וקובץ הרשימות „ילדים בעוני", בהוצאת דויד תדהר. קובץ זה כולל את התרשמויותיו של עובד סוציאלי בעל־לב תוך עבודתו במשרד. „חוליות בשרשרת" (תשי"ז), סיפורים ואגדות ו„השחר רן" (שירים לילד ולנוער) בהוצאת הספרים של מרדכי ניומן, ירושלים־ת"א. וכן מונוגרפיה על הרב בנציון מאיר חי עוזיאל, ראשון לציון ורב ראשי לארץ־ישראל, זכר צדיק לברכה. „הנציב היהודי" ו„יהודי תימן בתל־אביב".

לכמה משיריו חוברו מנגינות שהופצו בקהל. כשישים ושנים שירים הוקלטו ברדיו „קול ישראל", בביצועים וממלחינים שונים. כן הוקלטו כמה משיריו ב„הד־ארצי". בין השירים הפופולאריים נמנים השירים „אל הנגב", „הרועה בגליל", „נרות שבת", „הורה ירושלים", „אל הכפר", „תרצה", „רנה בת הרים". פירסם כמה חוברות על נושאים ציבוריים. שיריו ורשימותיו הספרותיות מתפרסמים ב„המאסף" של אגודת הסופרים העברים בישראל, „מאזנים" — ירחון אגודת הסופרים, „הצופה", „הצופה לילדים", „שערים" (בטאון עובדי עירית ת"א־יפו) „הדואר" „הפועל־הצעיר" (ת"א), בירחון „סיני" מיסודו של הרב י.ל. הכהן־מימון זצ"ל ועוד.

# שַׁאֲלִי כְּנֶסֶת יִשְׂרָאֵל...

שַׁאֲלִי כְּנֶסֶת־יִשְׂרָאֵל הַדְּוּוּיָה, אֵי נְתִיבוֹת לְעַם עוֹלָם,
אֵי אוֹר הַמּוֹרִיָּה לֹא יָהֵל פִּצְעֵי בָּנִים נוֹאָשִׁים,
זֹהַר סִינַי לֹא יַבְקִיעַ חַיִּים קוֹדְרִים מְשׁוֹלְלֵי־יֶשַׁע,
בְּרִית הַמְּחוֹקֵק לֹא תַעֲצֹר מַגַּל־הַמָּוֶת הַקּוֹצֵר בַּחוּצוֹת...
שְׁחוֹר אֵימִים כִּסָּה כָּל בָּתֵּי־יִשְׂרָאֵל הַהֲרוּסִים,
וְהַמְּבוֹאוֹת לַחַיִּים נִסְתָּמוּ, בְּכֶלֶא הָרֶשַׁע נִסְגָּרוּ,
עַל גְּוִילֵי־הַתּוֹרָה נִשְׂרָפִים הֲרוּגֵי מַלְכוּת
עִם סְפוֹגֵי־צֶמֶר חֲרוּכִים בַּקְּבוּרָה הַלּוֹהֶטֶת.
עֲקִיבָאִים וּתְרַדְיוֹנִים בִּשְׂדוֹת הַקֶּטֶל
וּרְצוּעוֹת הַתְּפִלִּין בַּיָּד הַמְקֻטַּעַת וּבַקָּרְקַפְתָּא הַמְפֻלַּחַת...
בְּטַלִּיתוֹת קְרוּעוֹת, מָוֶת יְהַלֵּךְ כִּבְתַכְרִיכִים,
וְסִפְרֵי־חוֹזִים עֲלֵי צוֹאַת־עֲרֵלִים מֻבְאָשִׁים...
מְעֵי יוֹנֵק בִּמְעֵי־אִמּוֹ הִתְעָרְבוּ עֲלֵי שָׁדַיִם כְּרוּתוֹת
וְגוּפוֹת אַדִּירֵי־הַתּוֹרָה וּמְאוֹרֶיהָ לָעַיִט מַאֲכָל...
בֵּן בְּיָדָיו יִקְבֹּר אָבִיו חַיִּים לְעֵין הָרוֹדֵן הַפֶּרֶא
וְאֵם יְלָדֶיהָ תַּשְׁלִיךְ אֶל לוֹעַ פִּי הַחַיָּה הַזּוֹנֶקֶת...

אֵי־שָׁם רֹאשׁ מְקֻטָּע מִגּוּף, קְצוּץ זָקָן וּפֵאוֹת, —
מַה יְדוֹבֵב בְּשְׁלוּלִיּוֹת־הַדָּם, מַה תְּמַלֵּל לְשׁוֹנוֹ
לוֹחֶכֶת עָפָר? וְהַמֵּתִיז אֶל שְׁחָקִים, צְחוֹקוֹ נוֹקֵב
כֵּס־שַׁדַּי וְהַדִּמְעָה בְּעֵינַיִם מְנֻקָּרוֹת קָפְאָה
בָאַשְׁפַּתּוֹת, וּכְלָבִים יָלֹקּוּ בָן שְׁאֵרִית הַדָּם.
שַׁאֲלִי כְּנֶסֶת יִשְׂרָאֵל הַסְּחוּפָה, אֵי גְבוּלוֹת אָדָם בַּמַּחֲשַׁכִּים,
אֵיזוֹהִי הַחֶרֶב הַנִּתְקַעַת לְלִבָּהּ וְהוּא לֹא עָמַד בָּהּ...
וְנֵרוֹת־הַשַּׁבָּת עֲלֵי קַרְקַע אֲדָמָה מִדָּם עוֹד יֻדְלָקוּ —
נֵרוֹת־נְשָׁמָה לְשִׁלְדֵי אָדָם, צִלְלֵי מוֹרְאוֹת הַזְּוָעָה...
שַׁאֲלִי כְּנֶסֶת־יִשְׂרָאֵל הַשְּׂרוּפָה בְּאֵשׁ כָּל הַשְּׂטָנִים
עַד מָתַי לֹא יַעֲלֶה הַשַּׁחַר עַל הַר־חֹרֵב,
וְאוֹר הָאֱלֹהִים יִבְעַר בְּנִשְׁמַת כָּל אֱנוֹשׁ,
וּמֵהַרְרֵי אֲמָנָה, שְׂנִיר וְחֶרְמוֹן קוֹל שַׁדַּי
לֵב תֵּבֵל מוּבָסָה בְּדָמֶיהָ לִפְדוּת יִקְרָא?

(מתוך „סנה")

יַעֲקֹב רִמּוֹן

## בְּאֵלֶּה הַיָּמִים

נִמְחֲקוּ עִקְבוֹת־אָדָם, יַעַר עָבֹת הָפְכָה תֵבֵל.
כָּל בַּיִת כָּעֵץ יֵרָאֶה וּבֵינוֹתָיו – חַיּוֹת תִּפְרֹצְנָה.
רְחוֹבוֹת הַכְּרָךְ – רַק שְׁבִילֵי יְעָרוֹת וּמִדְבָּרִים,
מְתֹהוּ אֶל תֹהוּ נִמְשָׁכִים בַּחִדָּלוֹן הַיָּרֹק...
מְכוֹנִית כִּי תַּעֲבֹר אֵי־שָׁם, כָּרוּחַ הַזּוֹעֶפֶת
תִּשָּׁמַע הַמַּשְׁרוֹקִית, בִּיגוֹן קוֹלָהּ תְּפַלַּח הַמֶּרְחָבִים...
וּמוֹכֵר הָעִתּוֹנִים הָעוֹבֵר בִּיעָף וּמַכְרִיז עַל הַגִּלָּיוֹן,
כְּשַׁאֲגַת אַרְיֵה בְדָמוֹ הַמִּתְחַלְחֵל בְּזַעַם אֶשְׁמָע...
בְּכָל אִילָן מִתְקַלֵּף, בְּעֶרְיָתוֹ אֶרְאֶה פָּצוּעַ לֹא חָנוּשׁ
וּבְכָל אֲרֻבָּה עַל גַּג – לוֹעַ הַתּוֹתָח הָרוֹעֵם...
חֲלָיוֹת־חֲלָיוֹת הַיָּמִים נִמְשָׁכִים כְּבְשַׁרְשֶׁרֶת חֲלוּדָה,
עוֹד מְעַט תִּתְפָּרַקְנָה, עוֹד רֶגַע וְתִהְיֶינָה לְאַל...
וְהַשְּׁחָקִים נִבָּטִים כְּקֻפְסָא מְלֵאָה חָמְרֵי־נֶפֶץ,
רַק תִּגַּע בָּהּ וְהִיא מִתְפּוֹצֶצֶת וְהוֹרֶסֶת כֹּל...
בְּאֵלֶּה הַיָּמִים זוֹנֶקֶת הַחַיָּה בָּאָדָם, בְּמוֹרָאָה הַשָּׁחוֹר
כְּמִמְּעָרוֹת־סֵתֶר, כְּמִפְלֶצֶת־אֵימִים, עוֹלָם לִטְרוֹף!

(מתוך „סנה")

# משפחת ורשבסקי שבניו־יורק

**ציפורה ורשבסקי, לבית דניאל איצ׳יס(כהן) מדובז׳ין**
**ובעלה נחום ישראל ורשבסקי, יליד ריפין.**

לכאורה, מה לציפורה ורשבסקי ולבעלה ולספר יזכור, הרי הם חיים בניו־יורק עד היום הזה — ועד מאה ועשרים — אלא שספר זה לא יהא שלם, אלא אם־כן נעלה על נס פעולותיהם הרבות ומסירותם הגדולה למדינת ישראל ולאחיהם בני דובז׳ין וריפין.

כבר בנעוריה התבלטה ציפורה בדובז׳ין כעסקנית ציונית, תוססת ופעילה. בבית דניאל איצ׳יס (כהן), הפתוח לכל דורש והחם, בית ציוני ואינטליגנטי, היתה היא, הבת הבכירה, הרוח החיה. לא חסכה מעצמה כל מאמץ כדי לרכוש נפשות לרעיון הציוני.

התנועה הציונית בעיירה היתה אז עדיין בחיתוליה, כשראשי הקהל הדתיים מתנכרים לה ואף רודפים אותה. בצעירים, שנתפסו לרעיון הציוני, ראו כופרים, רחמנא ליצלן, המתכחשים לאמונה הטהורה ומבקשים לדחוק את הקץ.

אלא שמאבק זה לא היה בו כדי להצר רגליה של התנועה הצעירה, ששבתה ללא־הרף לבבות רבים יותר ויותר. על אפם ועל חמתם של המתנגדים, נתחזקה התנועה הציונית בעיירה ונתפסו לה מטובי הנוער ואף מבין המבוגרים. חלקה של ציפורה ורשבסקי בכך היה רב.

לפני כיובל שנים היגרו היא ובעלה לארצות־הברית, אך אף שם, בעולם החדש, לא נשתכח עמם מליבם והם הוסיפו ומוסיפים, עד היום הזה, לעשות ולפעול למען אבץ ישראל.

ההצלחה האירה להם פנים בארצות־הברית והם עשו חייל ונחשבים על עשירי המקום. ברם, העושר לא סינוור את עיניהם ולא השכיחם, אף לרגע, את בני דובז׳ין ובני ריפין, בני עיירותיהם, שמהם נמצאים במדינת ישראל.

נזדמן לי להיפגש עימם, בביקוריהם בארץ, ושמחתי לחוש מקרוב, פעם נוספת, כמה רבה התענינותם ביוצאי עיירותיהם ובעיקר — במדינת ישראל ובהתפתחותה.

ואמנם, משפחת ורשבסקי נמנית על התורמים הנכבדים והמסורים לכל המגביות למען מדינת ישראל. רק זה מקרוב,



**הגב׳ צפורה ורשבסקי לבית קאהן, ניו־יורק**

במלחמת ששת הימים, תרמו למגבית החרום סכום של 110,000 דולר.

שמחים אנו לדעת, שציפורה ונתן ורשבסקי, בת דובז׳ין ובן ריפין, מוסיפים ללכת באותה דרך בה החלו בעיירה, כשהאהבה והמסירות לעמם יוקדים עדיין בליבותיהם.

**יהודה רוזנוקס**



קבלת פנים לאורחים מארצות־הברית
במרכז: מקס גולדפדר



הגב׳ מילכה פלוטנירש לבית שלזינגר משיקאגו נואמת בעת קבלת הפנים

# די שוהל און שטיבלעך אין דאבזשין

בלויז א בריק איבערן טייכל טיילט אפ איין שטעטל פון די צווייטע, פאקטיש אבער איז עס איין קהילה מיט איין רב, הגם יעדער שטעטל האט איר שוהל און בית המדרש און אויך א באזונדערן בית־חיים, ווייל אמאל זענען זיי געווען צוויי באזונדערע שטעטלעך, מיט באזונדערע קהילות, אויף די צוויי זייטן פון א גרענעץ. היינט אבער איז עס איין קהילה. דער יידישער ישוב אין גאלוב איז זייער אלט מיט אן אלטע געמויערטע שוהל, אן אלטער בית המדרש, און אלטער בית־חיים, אויף וועלכן עס ליגט אויך דער ארטיקער רב, א גרויסער גאון און תלמיד פון ר׳ עקיבא אייגר. אין בית המדרש איז געווען אן אוצר פון טייערע ספרים יקרי המציאות.

דער יידישער ישוב אין דאבזשין איז אויך אלט אבער נישט אזוי אלט ווי דער ישוב אין גאלוב. די שוהל געבויט פון האלץ איז בערך הונדערט יאר אלט. דער בית־החיים אבער איז עלטער פון די שוהל און דארט האט געפונען זיין אייביקע רו הרב טויב, א תלמיד פון אלטן אלעקסאנדערער רבי ר׳ יחיאל.

הרב טויב האט געזאלט זיין זיין ממלא מקום, ווי עס האבן פארלאנגט די אלטע, חשובע חסידים, אבער הרב טויב האט זיך דערפון קאטעגאריש אפגעזאָגט און אליין אנגעהויבן פארן צו ר׳ יחיאלס זון, ר׳ ישראל יצחק (דער מחבר פון ספר „ישמח ישראל״).

אין שוהל זענען געווען 15 ספרי תורה, אין בית המדרש 5, אין בית המדרש זענען אויך געווען זעלטענע כלי קודש פון זילבער.

אין יאנואר 1939 איז דאבזשין בארימט געווארן איבער גאנץ פוילן מיט דער שרעקלעכער פאגראם העצע וואס די ארטיקע ענדעקעס האבן אנגעפירט קעגן די יידן. דער רעזולטאט איז געווען באיקאט און פיקעטן. און פארענדיקט האט זיך עס מיט אן איינפאכן פאגראם, בעת וועלכן פיל יידן זענען פארוואונדעט געווארן און פיל ערנסט צושטאכן; 70 שויבן זענען אויסגעהאקט געווארן אין יידישע וווינונגען, און סחורות זענען צעראבירט און פארניכטעט געווארן.

בראש פון דער פאגראם העצע איז געשטאנען דער ארטיקער גלח, דער באקאנטער אנטיסעמיט און יידן פיינד, בארשעווסקי, מחבר פון באוווּסטן העצערישן ווערק „שאטאן" און וועלכער האט פאלעמיזירט מיט איימבערן אין זיין צייטונג. די געשעענישן אין דאבזשין האבן געפונען אן אפקלאנג אין פוילישן סיים אין אן אינטערפעלאציע פון הרב רובינשטיין.

באלד נאכן אויסברוך פון דער מלחמה אין סעפטעמבער 1939 האבן זיך אראפגעלאזן אין שטעטל מחנות פון דייטשע סאלדאטן, און באלד נאך זייער אריינקומען האבן זיי אנגעהויבן כאפן יידן צו פארשיידענע ארבעט און דערביי זיי אכזריותדיק געשלאגן. א טאג שפעטער האט זיך אנגעהויבן א סדרה פון שניידן בערד. כמעט אלע יידישע מענער זענען געבליבן בארדלאז, בעתן שניידן די בערד האט זיך ווידער איבערגעחזרט דאס שלאגן און פייניקן.

4 טעג שפעטער האבן זיי פארחתמעט אלע יידישע הייזער און געשעפטן. אויסער דעם האבן זיך אנגעהויבן רעוויזיעס אין די יידישע שטובן און גלייכצייטיק קאנפיסקאציעס פון דאס פארמעגן, דאס גאנצע ביסל האב און גוטס.

נישט ווייט פון דאבזשין האט זיך געפונען דאס גוט „שיטנע" וועלכעס האט באלאנגט צו דעם חסידישן ייד, ר' יצחק יעקב שמיגע, א זעלטענער גוטער מענטש, א בעל צדקה און א וויכטיקער געזעל-



מענדעל קאהנס קינדער (אין היטלען) און זייערע חברים

שאפטלעכער טוער. נישט קוקנדיק דערויף וואס אין דאבזשין און די אומגעגנט איז יארנלאנג אנגעגאנגען א געפערלעכע אנטיסעמי־טישע העצע האט עס שמיגען גארנישט באריירט. מיט א ברייטער האנט האט ער פארטיילט פארשיידענע פראדוקטן ווי אויך געלט פאר די יידישע נויטבאדערפטיקע משפחות. אבער גלייכצייטיק האט ער אויך געזארגט פאר די פויערן און פאראבקעס און צוליב דעם איז ער אויך ביי זיי געווען באליבט. אויך די פריצים האבן אים זייער גערן געהאט.

בשעת די גרויסע באמבארדירונג זענען זיך צונויפגעלאפן אין שיטנע הונדערטער יידן און קריסטן. שמיגע האט געשטעלט צו זייער פארפיגונג דעם גרויסן פאלאץ וועלכער האט געציילט צענדליקע צימערן און אליין האט ער איבערגענעכטיקט אין סטאדאלע. ער האט געעפנט די שפייכלערס וועלכע זענען געווען פול מיט שפייז און פון זיי פארטיילט פאר דער באפעלקערונג מעל, קאשע און קארטאפל; מען האט געמאלקן די קי און די מילך פארטיילט; די פליטים האבן אויך אויפגעגעסן די פילע גענדז, הינער און איג־דיקעס, וועלכע זענען געווען אין גוט. ער האט גארנישט געזשאלעוועט. אבער טראץ אלעם האט אים געטראפן דער ביטערער גורל. אין איין העלן טאג זענען אריינגעקומען עטלעכע עס־עסניקעס, אים צוגענומען און זיינע טריט זענען פארשוואונדן געווארן אויף אייביק און עס אפילו נישט באוווּסט ווו און ווי ער האט זיין טויט געפונען.

אן אנדערער טרויעריקע געשעעניש איז פארגעקומען דעם ערשטן טאג ראש השנה ת״ש: אין דער הויפטגאס פון שטעטל זענען אריינגעפארן 2 ריזיקע לאסט אויטאמאבילן מיט א גרויסע צאל זשאנדארמען און זיך א לאז געטאן צו דער שוהל און צום גערער שטיבל, ארויסגעפירט 230 יידן איינגעהילט אין די טליתים, אנגעטאן אין די יום־טובדיקע זיידענע קאפאטעס, צווישן זיי אלטע, אכציק יאריקע מענטשן, אויך א טייל קינדער אין עלטער פון צען צוועלף יאר. אנגעפאקט זיי אין די אויטאמאבילן און אוועקגעפירט אין אן אומבאקאנטע ריכטונג און ביז היינטיקן טאג ווייס מען נישט ווו זייער געביין איז אהינגעקומען.

אין דעם טראנספארט האבן זיך געפונען די שענסטע און וויכטיקסטע פערזענלעכקייטן פון שטאט, פארטיי פירער און געזעל־שאפטלעכע עסקנים, דאזארעס, ראטמענער א.א.וו.

מיר גיבן דא א טיילווייזע רשימה פון די חשובסטע צווישן

די געכאפטע: 1. אברהם גארפינקל; 2. יחיאל זיסהולץ, דאזאר און ראטמאן; 3. עוזר קאהן, 64 יאר אלט; 4. יוסף בנימין גאנשער, 60 יאר אלט; 5. דער חזן זילבערבערג; 6. דער שוחט מענדל גאר־פינקל; 7. איציק שמש; 8. צודקעוויטש; 9. פלוסבערג, 59 יאר אלט, א קראנקער צעבראכענער מענטש; 10. ישראל מילער; 11. פרענקעל; 12. דענטיסט בלאוזעג; 13. משה פאזמאנטער; 14. דזשאלדאוו; 15. מרדכי סאלאמאן, פארזיצער פון אלע געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס אין שטאט; 16.ביידע זין פון חיים ינואר; 17. שטעטין; 18. אליעזר זאקליקאווסקי; 19. קלמן איפא, דאזאר און פירער פון די פועלי־ציון, און פיל אנדערע.

דער זעלבער גורל האט אויך געטראפן דעם אפטייקער פון גאלוב, ריזענפעלד, וועלכער איז געווען אנגעזען און דערצו אויך א גרויסער פילאנטראפ, א גרויסער בייטרעגער צו ציוניסטישע פאנדן, באליבט ביי די דאבזשין־גאלובער באפעלקערונג. ער איז ארעסטירט געווארן דורך אן אפיצער פון דער געסטאפא, איז אוועק אין זיין באגלייטונג, און ביז היינטיקן טאג נישט באוווּסט וווּהין.

שפעטער האבן זיי אויסגעליידיקט די שוהל און דעם בית המדרש פון זייערע בענק, טישן און ארון קודש און פארוואנדלט די ביידע מקומות קדושים אין א שטאל. ארום אט דער „קולטור אקציע" האבן זיך פארזאמלט די ארטיקע פאלאקן וועלכע האבן מיטגענומען מיט זיך א טייל פון די ארויסגעשטעלטע מעבל. עס איז כדאי צו באמערקן די האנדלונג פון דעם דאבזשינער אנטיסעמיטישן גלח בארשעווסקי אין דעם פאל:

ווען ער האט זיך דערוווּסט אז די פאלאקן צושלעפן די מעבל וואס די דייטשן האבן ארויסגעשטעלט פון דער שוהל און בית המדרש איז ער שנעל געקומען צולויפן און געפאדערט פון די פארזאמלטע פאלאקן נישט וואגן אנרירן דאס וואָס איז געווען פאר יידן א הייליקייט און די וואס האבן שוין באוויזן צו נעמען וואס דערפון זאלן עס זאפארט צוריקברייינגען.

אויך אין גאלוב האבן זיי דעמאלירט די שוהל און זי פארוואנדלט אין א שטאל.

דעם 6סטן נאוועמבער 1939 האבן 35 משפחות פון די חשובסטע אין דאבזשין — בערך הונדערט נפשות — באקומען א דרינגענדע אויפפאדערונג צושטעלן זיך אין מאגיסטראט. דארטע האט מען זיי איבערגעגעבן שריפטלעך אנווייזונגען, וואס איז זיי ערלויבט מיט־

נעמען מיטן טראנספארט, פאר וועלכן די אויטאס האבן שוין גע־ווארט נעבן מאגיסטראט. מען האט אפגעטיילט פרויען פון מענער, קינדער פון עלטערן, און אזוי ארום צוטיילט זיי אין דריי אויטאס. מען האט זיי אוועקגעפירט אין אן אומבקאנטע ריכטונג, און ביז היינטיקן טאג ווייס מען נישט ווו זיי זענען אהינגעקומען.

צווישן די 35 משפחות זענען געווען: 1. שלמה יוסף ליפסקי; 2. ישראל מילר, א משפחה פון 11 פערזאן (נישט דער זעלבער מילער פון דער פריערדיקער רשימה); 3. לעמעל לעווין; 4. מענדל סאפיר־שטיין; 5. דזשאלדאוו פרוי און קינד.

דאנערשטיק דעם 9טן נאוועמבער, באלד אינדערפרי, איז גערופן געווארן דער פרעזעס פון יידישן ראט צו דער קאמענדאנטור פון דער זשאנדארמעריע ווו עס איז אים איבערגעגעבן געווארן פאלגענדעס:

היות ווי היינט ווערן פארטריבן אלע יידן פון שטעטל, האט ער אין צוזאמענהאנג מיטן גרוש א פארשלאג. אויב די יידן וועלן אריינטראגן אין פארלויף פון 3 שטונדן א סומע פון 40 טויזנט זלאטעס וועט מען זיי ערלויבן מיטנעמען פארשיידענע נויטווענדיקע זאכן. ס'איז אנשטאנען א שרעקלעכע בהלה און מען האט אנגעהויבן פון אלע זייטן זאמלען געלט, אבער טראץ דעם בעסטן ווילן איז בשום אופן נישט מעגלעך געווען צונויפזאמלען די סומע. בסך הכל איז צונויפגענומען געווארן 20.000 זלאטעס און די איבריקע 20.000 זלאטעס אין פארשיידענע ווערט זאכן צווישן זיי א פולער קויש מיט גאלדענע און זילבערנע חפצים.

אויף דער אויפפאדערונג האבן זיך די יידן פארזאמלט צו דער באשטימטער שעהביים מאגיסטראט. יעדער מיט א פעקעלע אויף די פלייצעס, ווארטנדיק אויפן באפעל פון דער זשאנדארמעריע. אינצווישן האבן זיך עטלעכע זשאנדארמען א לאז געטאן צו די אומגליקלעכע פארזאמעלטע און זיי אנגעפאנגען אכזריותדיק שלאגן אויף רעכטס און אויף לינקס אן אונטערשייד פון געשלעכט און עלטער. זיי האבן קיין איינעם נישט דורכגעלאזט און יעדער איינער איז שטארק צעשלאגן געווארן. נאכדעם האט מען זיי געהייסן אויס־וואנדערן זעלבסטפארשטענדלעך אין דער געגנט פון „גאווערנמענט" אבער נישט אין „רייך".

ווי באוווסט האט מען שפעטער די הייליקע בנינים ווי די שוהל און דעם בית המדרש אונטערגעצונדן און די ספר תורות

געשענדעט און צעריסן. דעם בית הקברות האט מען צעאקערט און פארוואנדלט אין א שטאטגארטן. דער זעלבער גורל האט אויך געטראפן די גאלובער שוהל און בית המדרש. אויך דארטן איז דער בית הקברות צואקערט געווארן.

אזוי האט פארענדיקט דער יידישער ישוב אין די צוויי באַ־ליבסטע שטעטלעך דאבזשין און גאלוב — זיין פיזישע עקזיסטענץ, עס האט זיך געענדיקט א לעבנס־היסטאריע וואס האט זיך געצויגן הונדערטער יארן.



* דער מחבר איז אן אומבאוווסטער רב;
איבערגעגעבן פון אינזשיניער דאווידאוויטש

שלמה אלכסנדר

# עמך ישראל בדאבזשין

מיט מיין ארעמע פען בין איך אפשר נישט אימשטאנד איבער־געבן דעם טיפן ווייטיק פון מיין הארץ קוקענדיק אויף דעם גרויסן חורבן פון אונדזער באליבט שטעטל דאבזשין, וועלכע האט אין די הונדערטע יארן פון איר עקזיסטענץ געשאפן א גרויסע היסטאריע, און מיט אמאל זענען געקומען די פארשאלטענע דייטשע רוצחים און אפגעווישט דאס יידישע דאבזשין, נישט איבערלאזנדיק קיין זכר פון איר רייכער פארגאנגנהייט.

דאבזשין האט געשמט מיט אירע גוטע מענטשן: ווען עס איז חלילה געשען אז א ייד אין דאבזשין האט פארלוירן זיין געלט אין מסחר אדער א בעל־עגלה האט פארלוירן זיין פערד און איז געבליבן אן פרנסה, האבן די גשוווירענע עסקנים באלד אונטערגענומען א הילפס־אקציע און דעם ייד צוריק אויף די פיס געשטעלט; און דאס אלץ אין געהיים, „מתן בסתר". האט א יידישער בחור נישט געוואלט דינען אין רוסישן מיליטער, איז ער געקומען קיין דאבזשין און די טייערע יידן, רחמנים בני רחמנים, האבן שוין געזארגט אז ער זאל אריבער די גרענעץ קיין גאלוב און פון דארטן האבן אים די גאלובער יידן שוין ווייטער טראנספארטירט, נישט קוקנדיק אויב ער האט געהאט די פינאנציעלע מעגלעכקייט אדער נישט. איך דערמאן זיך אז איך בין אמאל אריין אין בית־המדרש און דארט געפונען ארום צען יידן וועלכע האבן געמוזט אריבער די גרענעץ. די פראגע איז געווען נישט נאר דאס אריבערפירן די גרענעץ נאר אויך געבן זיי די מעגלעכקייט אז זיי זאלן קענען פארזעצן זייער רייזע פון גאלוב. האבן זיך די עוסקים בצרכי ציבור א לאז געטאן צו די נגידים פון שטעטל, און אז איך בין צו מארגנס ווידער געקומען אין בית המדרש אין שוין קיין איינער פון זיי דארט נישט געווען, ד.ה. אז זיי אלע זענען שוין געווען אויף יענער זייט גרענעץ.

לאנג איז געווען די רשימה פון די חשובע בעלי־בתים נדבנים אין שטעטל. יעדער האט זיך עס געהאלטן פאר א חוב א טובה

טאָן. נישט נאָר פאַר כבוד. מענטשן האָבן זייער טייערע צייט פאַר־לאָרן אויף צו העלפן אַ געליטענעם, ווען אויך שפּעט ביינאַכט, אין אַ רעגן אָדער אַ שניי זענען זיי געלאָפן אויספירן די הייליקע פליכט פון עזוב תעזוב עמו.

די הילפס אינסטיטוציעס וואָס זענען געווען אין דאָס קליינע שטעטל זענען געווען זייער טעטיק. איך וויל נאָר דערמאָנען אייניקע פון זיי, ווי די „גמילת חסדים קאַסע", „הכנסת אורחים", „הכנסת כלה", „ביקור חולים" א.א.וו. נאָבעלע דאַבזשינער פרויען האָבן זייער בעסטע צייט אַוועקגעגעבן כדי די אַלע אינסטיטוציעס זאָלן קענען אָנפירן זייער נאָרמאַלע טעטיקייט. עס זענען געווען נשים צדקניות וואָס האָבן שוין דאַנערשטיק געזאָרגט פאַר נויטבאַדערפטיקע משפּחות אַז עס זאָל ביי זיי חלילה שבת גאָרנישט פעלן, און ווער איז אימשטאַנד אויסרעכנען די אַלע מעשים טובים וואָס די מענטשן אין שטעטל האָבן אויפגעטאָן.



דאַבזשין האָט אויך געהאַט פּאַרטייען צוגלייך מיט אַלע גרויסע שטעט אין פּוילן. אָן דער שפּיץ איז געשטאַנען די ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציע וועלכע האָט אָנגעפירט אַ גרויסע טעטיקייט פאַר ארץ ישראל. אַלעס איז געווען אין אָט דעם שטעטל, אָבער ליידער געהערט דאָס שוין אַלעס צו די פאַרגאַנגענהייט. מיט דער פאַרניכטונג פון 6 מיליאָן יידן איז אויך אונדזער טייער באַליבט שטעטל פאַרניכטעט געוואָרן, אַפילו דער בית הקברות ווו אונדזערע טייערע עלטערן האָבן זייער אייביקע רו געפונען איז חרוב געוואָרן. אַזוי אויך דער בית המדרש מיט אונדזער שיינע שוהל אין וועלכער יידן האָבן דורות לאַנג זייער געבעט געטראָגן פאַרן ריבון העולם. זאָל די קללה פון מחה אמחה את זכר עמלק באַגלייטן אַלע אונדזערע שונאים פאַר דור דורות.

אונדזער איינציקע טרייסט האָבן מיר געפונען אין אויפבוי פון אונדזער באַליבט לאַנד ישראל, וועלכער יעדער ייד איבער גאָר דער וועלט פילט אין איר זיין היים. יעדער ייד איז היינט שטאָלץ מיט מדינת ישראל וויסנדיק אַז זי היט דעם כבוד פון יעדן איינעם פון אונדז. קיין קרבן איז אונדז נישט טייער פאַר אונדזער מדינה,

וועלכע האט געשאפן די מעגלעכקייט פאר מיליאנען יידן צו בויען דא זייער היים און עקזיסטענץ.

זאל דאס יזכור בוך זיין אן אייביקע מצבה פאר אונדזערע אומגעקומענע עלטערן, שוועסטער און ברידער וואס האבן זייער לעבן אוועקגעגעבן אויף קידוש השם, הי״ד.



ר׳ חיים יצחק קאטשער און פאמיליע

מיכלע-פלאטניארז׳-שלעזינגער, טשיקאגא

# מיין שטעטל דאבזשין

שיין און צארט איז דאס שטעטל געווען, און הארציק אירע איינוווינער. אין מיינע פריע לעבענס יארן האב איך דאס שטעטל פארלאזט און עמיגרירט קיין אמעריקע, אבער איך האב איר קיינמאל נישט פארגעסן. א מיסטישער געפיל האט מיך געבונדן צום שטעטל מיט אירע איינוווינער. פיל מאל איז מיין רו געשטערט געווארן קלערנדיק איבער דעם גורל פון צענדליקע משפחות באשאנקען מיט א סך קינדער, צי האבן זיי אויף זייער טאג טעגלעכן געברויך? צי זענען זיי געזונט? אט זע איך פאר מיר די פילע אנגעווייטיקטע פנימער, מיט טיפן צער אין זייערע אויגן בשעת זיי האבן מיך באגלייט ביי מיין אוועקפארן. זייערע ליבלעכע ווונטשן, קלינגען נאך ביז היינטיקן טאג אין מיינע אויערן.

מיט א שווער הארץ האב איך זיי פארלאזט טראכטענדיק אויב וועל איך נאך אמאל זוכה זיין זיי זען, קומען אויף א באזוך צו זיי אין די פינצטערע נעכט אין די טיפע בלאטעס צו זען זייערע אונמוטיקע פנימער, אפילו אן א קינסטלעכן שמייכל, תמיד מיטן שרעק פארן מארגן. ווי שווער זענען געווען די ערשטע יארן ביז כ׳האב זיך געקענט צוגעוווינען צום געדאנק אז מיר זענען געשיידט דורך א גרויסן ברייטן ים, און נאר געדאנקען קענען אונדז פאראייניקן. וויפל טרערן האבן מיר דעמאלט פארגאסן קומענדיק מיט א דור צוריק אין גאלדענעם לאנד צו זוכן דארט אן עקזיסטענץ אין שווערע באדינגונגען, און זיך נאך ארומגעטראגן מיט פלענער צו ארגאניזירן הילף פאר די נויטבאדערפטיקע אין שטעטל. אין אנפאנג איז אונדז געווען זייער שווער, אבער מיר האבן אונדזערע פליכטן צו אונדזערע טייערע נישט פארנאכלעסיקט.

ווען איך בין געווען אויף א באזוך אין ישראל האב איך ביי א מיטינג איבערגעגעבן א ביסל זכרונות פון יענע יארן. כ׳האב געפילט א געוויסע צופרידענהייט דאס איך קען זיך טיילן מיט

מיינע חברים אין ישראל מיט זכרונות פון א פארגאנגענע עפאכע, וועלכע דורות האבן געוווסט צו דערציילן איר גרויסקייט, דאס גוטהארציקייט פון איינעם צום צווייטן.

היינט איז דאס אלעס חרוב געווארן; שוין נישטא מער דאס שטעטל; פאר אונדז עקזיסטירט שוין נישט מער דאבזשין. אבער דער פונק פון איר רייכער היסטאריע וועט בלייבן אין די הערצער פון אונדזערע לאנדסלייט ווי נאר זיי זענען, און מיטן ערשייינען פון יזכור בוך — אויך פאר די קומענדיקע דורות.

**מיכלע פלאטניארז׳-שלעזינגער**

# א בליק אין שוהל געסל

אט זע איך זיי די יידן, איינוווינער לענגאויס דער שוהל געסל גייענדיק אינדערפרי דאוונען, ווער אין שוהל און ווער אין בית מדרש. אט זע איך די קינדער מיט עופות אונטערן ארעם איילענדיק זיך צום שעכט הויז. אט זע איך די יידן פרייטיק נאכמיטאג, גייענדיק אין מקוה; הונדערטער קינדער לויפנדיק אינדערפרי אום נישט צו פארשפעטיקן אין חדר, דער גרעסטער טייל פון וועלכע האט זיך קאנצענטרירט אין שוהל געסל. ס׳איז כמעט געווען אוממעגלעך אויס־צומיידן דאס שוהל געסל, ווייל דארט האט פולסירט דאס ווירקלעכע לעבן פון שטעטל, די שוהל און דער בית מדרש, שטיבלעך און חדרים; דאס שעכט הויז און יאטקעס, כלים גליען; באדן און גליטשען זיך אויף דעם טייך דרעווענץ, דער צוגאנג צו וועלכן איז געווען פון שוהל געסל. איצט די פאנאראמא: דאס געסל האט זיך געענדיקט ביי א הויכן בארג אויף וועלכן עס איז געשטאנען א הייזל, א חורבה. דארט האט געוווינט און געארבעט צענדליקע יארן דער שוסטער משה ראובן קראיאנעק. א הויכער אויסגעדארטער ייד מיט א לאנגער בארד. דער ערשטער אין שוהל צום דאוונען שחרית, אבער אויך דער ערשטער צו פארלאזן די שוהל, נאך איידער דער דאוונען האט זיך געענדיקט. ער פלעגט זאגן, דער מאגן פיקט מיר, כ׳בין הונגעריק. זיינע פיר זין זענען אויך געווען שוסטערס, אבער אין די שפעטערדיקע יארן האבן זיי געזוכט פארשיידענע מעגלעכ־קייטן צו באפרייען זיך פון דעם פאך. אין אלגעמיין — א שטילע בכבודיקע משפחה. די גרעסטע טייל איינוווינער פון געסל האבן

געהערט צום ארבעטער קלאס, אבער עס האבן דארט אויך געוווינט עטלעכע רייכע משפחות צו וועמען זייערע הייזער און געשעפטן זענען איבערגעגאנגען אין ירושה. אויך דאס ביכער געשעפט פון ר' אפרים אליעזר גראנאט (רמון) אין אנפאנג פון צוואנציקסטן יארהונדערט איז געווען אין שוהל גאס.

דער שטויב פון דאס אונגעפלאסטערטע געסל פלעגט באדעקן די שיך פון יעדן דורכגייער אין די זומער מאנאטן און די בלאטעס — ווינטער. דער שטאט־ראט — וועלכער איז צום גרעסטן טייל געווען אין די הענט פון די פאלאקן — טראץ דעם וואס די יידישע באַ־פעלקערונג איז געווען דער רוב — האט קיין מאל נישט געפונען פאר נויטיק צו אויספלאסטערן דאס שוהל געסל מיט שטיינער. מיטן אלגעמיינעם חורבן זענען די אלע פראבלעמען געלייזט געווארן... נישטא מער דאבזשין, עס עקזיסטירט נישט מער דאס שוהל געסל.

**טוביה טינסקי**

## די שוהל אין דאבזשין

צוגלייך מיט אלע שטעטלעך אין פוילן האט אויך אונדזער שטעטל געהאט א שוהל וועלכע איז געווען באקאנט אין די ארומיקע שטעטלעך מיט איר קונסט מאלעריי. די לאנשאפטן פון די הייליקע ערטער אין ירושלים, אזוי ווי כותל המערבי, קבר רחל, מגדל דוד, יד אבשלום, האבן באפוצט די ווענט און אויך דעם באלקן. ווער עס האט דאס געזען צום ערשטן מאל איז ממש ענציקט געווארן. דאס שטעטל האט אויך פארמאגט א בית מדרש און פיל שטיבלעך, ווי דאס גערער שטיבל — אלעקסאנדע־רער — אטוואצקער און אנדערע.



ר' יעקב טינסקי ז"ל

שטעטל האט אויך פאַרמאגט א בית מדרש און פיל שטיבלעך, ווי דאס גערער שטיבל — אלעקסאנדערער — אטוואצקער און אנדערע. ווען איך בין שוין געווען א דערוואקסענער בחור איז מיר אמליבסטן

געווען דאווגען אין שוהל, טראָץ דעם וואָס איך בין געווען חסידיש געשטימט. אויך אַלס קליינער יינגל פּלעג איך ליב האָבן גיין אין שוהל. שבת און יום טוב פּלעג איך נאָכטראָגן דעם סידור פאַר מיין מאַמען אין שוהל, אַ דיקער סידור, אַ שווערער און אַ גרויסער, אַזוי אַז איך האָב אים קוים געקענט טראָגן. אין סידור זענען געווען אַלע תפילות, מיט יידיש טייטש, מיט משלים, תחינות אין יידיש צו ראש חודש בענטשן און ביים יזכור זאָגן. פיל ווייבער האָבן זיך צוגעהערט צו מיין מאַמעס תפילות וואָס זי האָט געזאָגט מיט אַ שטאַרקן קול, און זיי פלעגן נאָכזאָגן וואָרט ביי וואָרט. אַ סבֿרא אַז פיל פון זיי האָבן נישט געקענט אפילו דעם אלף בית. דעריבער זענען זיי צופרידן געווען ווען מיין מאַמע האָט זיי געדינט אַלס אַ פירזאָגערין. פיל מאָל ווען איך בין אַריין אין די ווייבער שוהל אהיים טראָגן דער מאַמעס סידור האָב איך זיך צוגעהערט ווי אַזוי די ווייבער וויינען ווערענד מיין מאַמע האָט געזאָגט די תפילות פון איר יום כיפורדיקן מחזור. פאַר מיין מאַמען איז דאָס געווען אי אַ מצווה אי אַ פאַרגעניגן, און זי האָט דאָס אָפּגעהיט לאַנגע, לאַנגע יאָר.

ווען איך בין אַלט געוואָרן ניין יאָר און אָנגעפאַנגען לערנען גמרא ביי ר׳ ניסן מלמד, האָט ער מיך געוואָרנט אַז פון היינט אָן און ווייטער זאָל איך דעם סידור שבת נישט טראָגן. פאַרשטייט זיך אַז איך האָב דעם מלמד׳ס פאַרבאָט געהיט, און אַזוי אַרום האָב איך זיך געזעגנט מיט דער ווייבער שוהל.

שפּעטער, ווען איך האָב אָנגעפאַנגען זינגען אין כאָר פון חזן דיגאַלאַ, וועלכער האָט משפיע געווען אויף מיין פאָטער ער זאָל עס מיר ערלויבן, בין איך שוין געוואָרן אַן אָפּטער גאַסט אין שוהל, פאַרשטייט זיך — ביי די מענער. דאָ האָב איך אויך געהאַט די געלעגנהייט צו באַקאַנען זיך מיט אַלע כלי־קודש פון דער שוהל, דער שמש, גבאים און די שטאַבילע בעלי־תפילות. די כלי־קודש האָבן רעגירט נישט נאָר איבער דער גרויסער שוהל נאָר אויך איבער די זייטיקע קליינע שטיבלעך, וועלכע זענען געווען ביים אַריינגאַנג צו דער גרויסער שוהל. דאָרטן האָבן געדאַווענט בעלי־מלאכות און אין איינעם פון די שטיבלעך האָבן געדאַווענט די חברה קדישא לייט אין די וואָכן טעג. מיר בחורים, אַ קרייז וועלכע האָט זיך גערופן „לומדי תורה״, האָבן פאַרנומען איינע פון אָט די שטיבלעך, וו עס האָט פאַר אונדז געזאָגט אַ שעור דער מישעניצער רבֿ, וועלכער

האט פרעטענדירט זיינער צייט צו זיצן אויפן כסא הרבנות פון דאב־זשין.

איין שטיבל איז געווען פאר־נומען דורך די מיטגלידער פון ביקור חולים און הכנסת כלה. זיי האבן געהאט זייער אייגענעם בעל קורא, משה לייב גוטגלאס. יעדער שטיבל האט אריינגענומען בערך פיר מניינים, אזוי אז שבת און יום טוב זענען די אלע שוה־לעכלעך געווען פול מיט מתפללים.



ר׳ יעקב טינסקיס פרוי

בארג אראפ פון דער שוהל איז געפלאסן מיט א שטארקן שטראם דאס טייכל דרעווענץ ווו די תלמידים פון די ארומיקע „חדרים״ האבן זיך זומערצייט געבאדן. ראש השנה איז דער טייך געווען באלאגערט פון ביידע זייטן: די דייטשע יידן פון גאלוב, קעגן איבער די דאבזשינער יידן — צו „תשליך״.

רעכטס פון דער שוהל — דער הויכער „ראקערס״ בארג מיט זיין ווייסן זאמד וועלכעס האט געניצט די בעל־הביתטעס אלס שייער מאטעריאל און אויך צו באשיטן דעם פריש אפגעוואשענעם הילצערנעם פאל.

בערך א 20 מעטער פאר דער שוהל איז געווען אויסגעפלאסטערט מיט שיינע שטיינער, און דער אריינגאנג איז געווען אפגעצוימט פון ביידע זייטן מיט אייזערנע קייטן. אין הויף פון דער שוהל האבן זיך געלאזט באמערקן די קעלער פענצטער, אין וועלכע מען האט מורא געהאט אריינקוקן צוליב די לעגענדעס וועגן שדים און שוועבענדע שלעכטע רוחות, און צו דעם אלעם איז דארט אויך געשטאנען די מתים מיטה אויף וועלכע מען האט ארויסגעטראגן די מתים צום בית־הקברות.

אין שוהל האט יעדער, אינסטינקטיוו, געהויבן די אויגן צו דעם הויכן ארון הקודש. מיט דעם שיינעם פרוכת. ווי אויך צו די פילפארביקע פארגלאזטע פענצטער. א ספעציעלן רושם האט געמאכט דער גלעזערנער טורם אין מיטלפונקט פון דאך און אונטער אים א זייער שיינע מאלעריי, אויף וועלכע יעדער האט געווארפן א בליק.

אפילו די בימה פאר קריאת התורה איז געווען ספעציפיש מיט איר עסטעטישע שיינקייט, און זי איז געווען גאנץ אנדערש פון די בימות אין די שוהלן פון די קליינע פוילישע שטעטלעך.

שבת און יום טוב איז די תפילה אפגעריכט געווארן פון חזן מיט די באגלייטונג פון א כאר.

יעדער תפילה פון די ימים נוראים האט זיך געהאט איר ספעציפישע השפעה אויף דעם קהל. א פחד האט ארומגענומען די מתפללים בשעת דער חזן מיטן כאר האבן געזונגען די פסוקים פון „ונתנה תוקף״, „ובשופר גדול יתקע וקול דממה דקה ישמע, ומלאכים יחפזון״. דער מאטיוו אליין פון געזאנג האט צוגעגעבן צו דער ערוועקונג פון די מענטשלעכע געפילן. א השפעה פון חשבון הנפש האט געהאט די תפילה: „אדם יסודו מעפר וסופו לעפר״. דערביי האט זיך געלאזט הערן א שטילער טיפער געוויין, און טרערן האבן זיך געלאזט באמערקן אויף א סך פנימער.

יארן פון פרייד און טרויער האבן באגלייט די שוהל אין איר לאנג יעריקע עקזיסטענץ ביז דעם חורבן.

זאלן די דאזיקע שורות מיינע דינען אלס דענקמאל דעם שיינעם ארכיטעקטארישן בנין, די דאבזשינער שוהל, וועלכע איז חרוב געווארן דורך די נאצישע רוצחים.



יוסף אלטעראוויטש און זיין פרוי צעריל

## אברהם דור (דוברושקלנקה)

# זכרונות פון מיין אלטע היים דאבזשין

די חורבות פון מיין געבורט־שטעטל דאבזשין וועלכע איז געוועז און עקזיסטירט נישט מער, זענען געווידמעט מיינע דאזיקע זכרונות.

דאבזשין פון אויסערלעכן בליק, א שטעטל, ווי א סך אנדערע פראווינצעלע שטעטלעך אין פוילן. א מארק פלאץ און ארום אים גאסן און געסלעך, געדיכט פארבויט, מיט גרעסערע און קלענערע הייזלעך, צווישן זיי אזעלכע וואס האלטן שוין ביים איינפאלן. רעכטס פון שטעטל פליסט דער ברויזנדער טייכל דרעווענץ וועלכער איז א נאטירלעכער גרענעץ צווישן דייטשלאנד און רוסלאנד. איבערן טייך א בריקל פארן טאג טעגלעכן פארקער פאר מענטשן און געשפאן. ביים ארייננפאר אין שטעטל פון ריפינער שאסיי לאזט זיך באמערקן, פון הויכן בארג, דער שלאס, א היסטארישער בנין פון דעם קרייצער פעריאד, אין וועלכן עס געפינט זיך א מוזעאום פון פארשיידענע אלטערטימלעכע אביעקטן, פון א געוויסן ארכעאלאגישן ווערט. ארום דאס שטעטל דערפער און דערפלעך פון פוילישע פויערים, וועלכע פארמירן דעם הינטערלאנד פון שטעטל, אנדערש געזאגט — אירע פרנסה געבערס.

אלע וועגן וואס פירן פון די דערפלעך אין שטאט — א חוץ די ריפינער וועג — זענען נישט געפלאסטערט און אין הערבסט איז זייער שווער צו פארן אויף זיי צוליב די טיפע בלאטעס וועלכע שאפן זיך פון די רעגנס. אויך אין שטעטל גופא שטייען אין געוויסע געסלעך געדיכטע בלאטעס אין וועלכע א דורכגייער דארף זיך שטארק מאטערן ביז ער קען זיי אריבערגיין. מער ווי איין מאל האט זיך געטראפן אז עמיצער האט דארט זיינע קאלאשן געלאזן שטעקן. ווינטער ווען עס פאלט א שניי וואס דערגרייכט פיל מאל ביז צו די פענצטער נעמען די

איינוווינער לאפאטעס אין די הענט און מען באזייטיקט קודם־כל דעם שנײ ארום הויז, נאכדעם שניידט מען דורך א וועג צום קלייטל, און, אגב, רייניקט מען אפ דעם טראטואר. אין אלגעמיין ליידט ווינטער די ארימע באפעלקערונג ווייל מען מוז זיך פארזארגן מיט שפייז און הייץ מאטעריאל, וועלכע מען דארף קויפן פאר די אפגעשפארטע פאר גילדן פון גאנצן יאר. ווען דער ווינטער ענדיקט זיך וואכט אויף דאס שטעטל ווי פון א טיפן שלאף און הויבט ווידער אן איר נארמאלן לעבן.

פאר די יוגנט אין שטעטל עפנט זיך דער זומער מיט א מאיובקע Mojówka, דאס הייסט דעם 1טן מאי. מען מאכט אן אויספלוג אין די שכנותדיקע וועלדער; מען קלייבט דארט יאגדעס; מען עסט וויפל ס׳לאזט זיך און דאס איבעריקע ברייגגט מען אהיים. אזא סארט אויספלוג חזרט זיך איבער עטלעכע מאל דורכן זומער. די גרעסטע טייל יוגנט אין שטעטל איז ארבעטסלאז, און דאס צוליב צוויי סיבות: ערשטנס איז אין שטעטל נישטא קיין ארבעטס מעגלעכקייטן; און וואלטן שוין יא געווען אזעלכע, פאסט דען פאר א יידיש בעל־ביתיש קינד גיין ארבעטן? דאס, יעדענפאלס, איז געווען די פסיכאלאגיע פון די עלטערן אין דעם קליינעם שטעטל מיט פופציק יאר צוריק.


הענא דראגן פון די ערשטע סאציאליסטקעס אין דאבזשין

א פאפולערע דערשיינונג אין די קליינע שטעטלעך אין פוילן בכלל און אין דאבזשין בפרט, איז דאס משפחות באשאנקען מיט א סך קינדער — אייניקע פון זיי דער־וואקסענע — לעבן און שפייזן זיך אויפן חשבון פון פאטער, דער איינ־ציקער מפרנס פון דער משפחה, וועלכער איז פיל מאל א קראנקער, צובראכענער, קוים וואס ער פאכעט מיט דער נשמה, און דאך טראגט ער אויף זיך דעם עול פון מפרנס זיין א משפחה פון א צענדליק נפשות. אין שטעטל זענען געווען

נשים צדקניות אדער ווי מען רופט זיי היינט „עסקניות", וועלכע האבן געהאלפן נויטבאדערפטיקע. געווען אזעלכע וועלכע האבן עס געטאן לשם מצווה, און אנדערע, פשוט, פון רחמנות. פארשטייט זיך אז דער הויפט־ציל פון ביידע איז געווען דער זעלבער — העלפן די וועלכע נויטיקן זיך אין הילף.

אויך די נצרכים אין שטעטל האבן זיך געטיילט אין צוויי שיכטן: די וואס זענען געווען באקאנט אלס ארימעלייט, און נעמען שטיצע, און אזעלכע וועלכע זענען נאך געווען ווייט פון אויסשטעקן די האנט. צו אט דער, לעצטער, שיכטע האבן געהערט בכבודיקע משפחות, בעלי מלאכות, קליינהענדלער, אויך סוחרים וועלכע זענען פאראָרימט געווארן צוליב דעם באיקאט אדער צוליב דעם שלעכטן מצב בכלל. און מיט זיי האט זיך פארנומען א ספעציעלער קרייז פרויען, וועלכע האבן געהאט א טאקטישן, בכבודיקן צוגאנג צו זיי. אפיציעלע שנאָרערס זענען אין שטעטל נישט געווען. אפילו דאס בארימטע פארל לייביע און שימיע וועלכע זענען יארן לאנג געגאנגען יעדן פרייטיק קלייבן נדבות פלעגן אויפגענומען ווערן ביי די רוב משפחות אין שטעטל מיט א שמייכל אויפן פנים, און מיט הארציקייט. אין די צייטן פון צאר איז די נדבה, וואס זיי האבן באקומען — געווען, א גראשן, און קוים האט עמיצער געגעבן א קאפיקע פלעגט לייביע זאגן — דו לאכסט שוין פון מיר? — יארן לאנג האבן זיי מקיים געווען דעם טראדיציאנעלן פרייטיקדיקן באזוך אין כמעט אלע הייזער פון שטעטל.

כאראקטעריסטיש איז געווען דער יאר־מאַרק אין שטעטל. אזעלכע פלעגן פארקומען פיר אדער פינף מאל אין יאר. שוין א טאג פריער האט זיך אין שטעטל גערודערט. אלע האבן זיך געגרייט צום מארגנדיקן טאג. די טאנדעט שניידערס פלעגן אויפשטעלן זייערע בודעס אויפן ברעג פון טראטואר און פארנומען א טייל פון דער לאנגער גאס, און דארט פלעגן זיי פארקויפן הויזן, פאלטעס און אנציגער. אויך די שוסטערס פלעגן דעם טאג ארויספירן זייער סחורה אויף דער גאס צו פארקויפן. היטלעך, דאקעגן, בלויגעשיר, גאלאנטעריע און אנדערע ארטיקלען פלעגט מען פארקויפן אויפן מארק, אויף ספעציעלע טישלעך, צוגעגרייטע פון א טאג פריער.

דעם טאג פון יאר־מארק פלעגן זיך צונויפפארן טויזנטער פויערן פון די ארומיקע דערפער — ווער צו קויפן און ווער צו פארקויפן. זיי פלעגן אנפילן די קרעטשמעס און שענקען, און ביר און וואדקא

האט זיך געגאסן ווי וואסער. קעגן אוונט, ווען זיי האבן פארלאזן דאס שטעטל, האט מען געקענט זען אין די גאסן ביי די ברעגן פון טראטואר, צענדליקע פויערן ליגן שיכור. פיל מאל פארטרונקען דעם פדיון פאר א פערד אדער א קו. פאר די קינדער איז אזא טאג געווען א גרויסע שמחה צוקוקן זיך צו דעם גרויסן הארמידער וואס זיי האבן זעלטן געזען, בפרט נאך אז זיי האבן דעם טאג באקומען „מארק־געלט". די קינדער פון שטעטל איז זייער אפט געגעבן געווארן א געלעגנהייט צו אויסנוצן פארשיידענע געשעענישן אין וועלכע זיי האבן געפילט א געוויסע צופרידענהייט. אזוי, למשל, פורים האבן זיי זיך פארשטעלט מיט מאסקעס אדער ווי מ׳האט עס גערופן אין דאבזשין „לארוועס" וועלכע מ׳האט באקומען צו קויפן נאר ביי יהושע מאיר וואלדענבערג. אויך האבן זיי ל״ג בעומר מארשירט אין די נאנטע וועלדלעך מיט בויגנס געמאכט פון א צווייג אנגעצויגן מיט א שטריקל און באזארגט מיט עטלעכע פיילן פון האלץ, און ערשט פארנאכט זיך אומגעקערט אהיים מיט א גרויסער שמחה.

אינטערעסאנט איז געווען צו זען א חתונה פראצעסיע איבער די גאסן פון שטעטל, ווען מען האט געפירט חתן כלה צו דער חופה וועלכע מען האט געווייינלעך געשטעלט אויפן שוהל הויף. אלע באגלייטערס מיט ברענענדע ליכטלעך אין די הענט, די קינדער זינגען, און דערוואקסענע טאנצן — דאבזשין מאכט א חתונה און אלע אין שטעטל זענען מחותנים.

לאנג איז די רשימה פון די ספעציפישע מנהגים וואס דאס שטעטל האט געהאלטן און אויסגעפירט אין מאמענטן פון פרייד און לייד.

אין פארלויף פון דער צייט זענען געוויסע מנהגים בטל געווארן — געווען מענטשן וועלכע האבן אין דעם געזען פראגרעס, אבער די טראדיציע איז דאך אין געוויסער מאס אפגעהיט געווארן.

פארשטייט זיך אז מיטן חורבן פון פוילישן יידנטום איז אויך פארשוווּנדן דאס ספעציפישע לעבן פון די יידן אין די קליינע שטעטלעך מיט זיינע מנהגים און די דורות לאנגע טראדיציע.

זאלן אט די שורות געווידמעט דאס שטעטל דאבזשין בלייבן אן אנדענק פאר די קומענדיקע דורות.



א גרופע דאבזשינער בחורים אין אמעריקא

**הרב שלמה דזשאלדאוו**
**רבינער נתן זאנגער**

# דאס רעליגיעזע לעבן אין דאבזשין

דאס יידיש־געזעלשאפטלעכע לעבן אין די פוילישע שטעט און שטעטלעך איז אין אלגעמיין געווען פארשיידנפארביק, און אויך זייער דינאמיש. עס זענען געווען מחנות, פארטייען, געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס און ארום זיי האבן זיך קאנצענטרירט פארשיידענע גרופן פון דער יידישער געזעלשאפט.

אין א טייל שטעט האט, למשל, די ציוניסטישע באוועגונג ארויפגעלייגט איר חותם און אזוי ארום באווירקט א גרויסע טייל פון דער יידישער באפעלקערונג, ווערענד אין אנדערע ערטער, ספעציעל אין די קלענערע שטעט, האט דאס רעליגיעזע לעבן באאיינפלוסט די ארטיקע יידישע איינוווינער. פארשטייט זיך, אז אין דעם פאל האט געשפילט א גרויסע ראל די פערזאן, וועלכע איז געשטאנען אין שפיץ פון דער רעליגיעזער מחנה און קודם כל דער רב, וועלכער האט באדארפט זיין דער גייסטיקער מורה־דרך פון די אנשי הקהילה.

אין דאבזשין זענען פאר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאר געזעסן אויפן כסא־הרבנות גדולי־תורה. דער ערשטער פון זיי איז געווען הרב דוד בר טויב זצ״ל, דער מחבר פון „בנין דוד״ ווען די אלעקסאנדערער חסידים האבן געבעטן — נאך דער פטירה פון אלטן רבין ר׳ יחיאל זצ״ל — ער זאל זיין זיין ממלא מקום. ער איז אבער די בקשה נישט אנטקעגן געקומען.

נאך הרב טויב איז געקומען דער רב זאנאבענד און נאך זיין פטירה איז דער כסא־רבנות א לענגערע צייט נישט געווען באזעצט, נאר ס׳איז אויפגענומען געווארן דער אין דאבזשין געבוירענער דיין, הרב הערץ ז״ל, דער מחבר פון די ספרים מנחת יהודה און יהל־אור.

נאך זיין פטירה איז אנגעקומען הרב בלומבערג, דער לעצטער רב אין דאבזשין.

און טאקע דערפאר, וואס אין דאבזשין זענען געזעסן אויפן כסא־הרבנות גדולי־תורה האט די שטאט געצויגן צו זיך תלמידי חכמים פון די ארומיקע שטעט, און אזוי ארום איז זי געווארן א מקום תורה און חסידות.

דארט, אין דאבזשין זענען געווען חסידים, וועלכע זענען נאך געפארן צום ערשטן גערער רבין, ר׳ יצחק מאיר אלטער, דער „חידושי הרי״ם״. נאך אים זענען די חסידים געפארן צום רבין ר׳ אריה־לייב, דער „שפת־אמת״, (דעם נאמען פון דעם ספר זיינעם טראגט איצט די גערער ישיבה אין ירושלים), און נאך שפעטער — צו זיין זון רבי אברהם־מרדכי, וועלכער האט אגב, עוסק געווען אין בנין הארץ — אויף זיין שטייגער.

אנדערע חסידים זענען עולה געווען צום אלטן ווארקער, ר׳ יצחק קאליש, א געוועזענער תלמיד פון רבין ר׳ בינעם פון פשיסכע. דער ווארקער איז געווען א ליריש־פארבענקטער רבי, וואס האט זיין שטייגער חסידות סומך געווען אויף ריינער מענטשנליבע, וועלכע פירט על פי הכרח צו אהבת־ישראל.

**בתי כנסת ובתי התפילה של החסידים**

עס זענען געווען אין דאבזשין פאלגענדע בתי תפילה: א) די גרויסע שוהל, ב) דער בית המדרש, ג) דאס גרויסע שטיבעל, ד) דאס קליינע גערער שטיבל, ה) דאס אלעקסאנדערער שטיבל און ו) דאס אטוואצקער שטיבל.

נאך דער ערשטער וועלט מלחמה איז אין דאבזשין אויך געווען א ישיבה, די תלמידים זענען געווען פון דאבזשין און אויך פון די ארומיקע שטעט: ריפין, שעפס, ליפנא, לוביטש. די פרעמדע ישיבה בחורים האבן געגעסן „טעג״ ביי די דאבזשינער בעלי בתים. די דערעפנונג פון דער ישיבה איז געווען זייער אימפאזאנט, און די התחלה איז געווען מיט 11 תלמידים. די ישיבה האט געהייסן „יבנה״, איינער פון די רעדנער וואס האט באגריסט האט צווישן אנדערע געזאגט, דאס דער נאמען „יבנה״ איז מרמז אויף „י״א בחורים נתקדשו היום״, די ר״ת פון „יבנה״. ווי מיר האבן געהערט איז פאר דער ערשטער וועלט מלחמה געווען א גרויסע ישיבה אין דאבזשין, (פרטים וועגן די ישיבה קען מען זיך דערקונדיקן ביי די עלטערע מענטשן פון דאבזשין ווי: ר׳ יעקב ווזשאס און יחיאל ביעלאוווסקי אין ישראל). א שיינע גרויסע ישיבה „יסודי התורה״ מיט מערערע כיתות, אין איר אייגענעם בנין און דארט האט מען געלערנט אויך לימודי חול. עס איז אויך געווען א יידישע פאלקס־שולע אין איר אייגענעם בנין ווו אנשטאט שבת האט מען געלערנט זונטיק, די „יסודי התורה״ ישיבה איז געגריינדעט געווארן באלד נאך דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען דער „תפארת שמואל״ איז געווען אין

דאבזשין אין א זומער וווינונג; אויף זיין איניציאטיוו איז געשאפן געווארן געלט דורך זיינע 2 חסידים, די ברידער ה' מענדל ור' אברהם הירש קאהן הי"ד. דער לעצטער מנהל פון דער „יסודי התורה" איז געוועז ר' יחיאל מאיר גוטמארגן הי"ד און זיין פרוי הי"ד איז געווען די לייטערין פון דער שיינער גרויסער מיידל שולע „בית יעקב" מיט מערערע קלאסן וואס איז אויך געווען אין דאבזשין.

אין דער געגנט פון דאבזשין זענען געווען מערערע יידישע גוט באזיצער און אין איינעם פון זיי איז אויך געווען א הכשרה פלאץ פאר די חלוצים וואס האבן עולה געווען לארצנו הקדושה. דער בעל־הבית פון גוט איז געווען ר' יצחק יעקב שמיגע, אן איבערגעגעבענער אלעקסאנדערער חסיד. עס איז דא כדאי צו באמערקן, ווי ער פלעגט זיך נוהג זיין מיט זיין עשירות: יעדעס יאר, גלייך נאך די ימים טובים, פלעגן זיינע פורן מיט קארטאפל, תבואה און האלץ צום הייצן גאנץ שטיל אריינפארן קיין דאבזשין און דארט פלעגט מען דאס פארטיילן צו די נויטבאדערפטיקע. פון זיין משפחה איז געבליבן לעבן זיין טאכטער געניא, וועלכע וווינט איצט מיט איר מאן, יחיאל לאפאטע, און קינדער, אין ארגענטינע.

ווי מיר זעען איז דאבזשין געווען א שטאט פון מוסדות תורה וחסד, און דאס צו לייטען האבן געמוזט זיין געהעריקע עוסקים בצרכי ציבור באמונה, און מיר זעען עס פאר אונדז אלס חוב ווי ווייט אונדזער זכרון וועט אונדז דינען צו דערמאנען אט די מענטשן און זיי באצייכנען, ווייל מיט זייער עסקנות האבן זיי אונדזער שטאט דאבזשין געשטעלט אויף א הויכן מצב רוחני.

אין די גרויסע שוהל, וואס איז געשטאנען אין עק שטאט, האט מען געדאווענט יעדן טאג בהשכמה, שבתים און ימים טובים איז זי געווען איבערפולט. גבאי פון די שוהל איז געווען ר' בנימין יוסף (יוסף בנימין) גאנשער. דער חזן פון דער שוהל איז געווען הר' דיאלאפ וועלכער איז גלייכצייטיק אויך געווען א שוחט. אויסער ר' בנימין יוסף זענען געווען נאך 2 שוחטים: ר' נתנאל סאכאטשעווסקי הי"ד פון טשעכאטשינעק, דער איידעם פון פריערדיקן שוחט, ר' יעקב ראזענטאל ז"ל, און ר' מענדל גארפינקל הי"ד, דער זון פון ר' יצחק מאיר גארפינקל ז"ל.

אין בית המדרש — וואס איז געשטאנען נישט ווייט פון דער מקוה און די בוינע האבן יעדן טאג געדאווענט מערערע מניינים. גבאי פון בית המדרש איז געווען ה' פרייליך (שניידער). אין שוהל און

אין בית המדרש האט מען נאר געדאוונט, דאקעגן אין די חסידים־שטיבלעך האט מען נישט נאר געדאוונט טעגלעך, נאר אויך געלערנט. דאס איז געווען מקום תורה און דארט האט זיך אנטוויקלט א גרויסע אקטיוויטעט פון לימוד התורה, ווייל פיל מתפללים זענען געווען גרויסע תלמידי חכמים, און מען האט איינגעארדנט טעגלעכע שיעורים און טיף געלערנט פארשיידענע מסכתות, דארונטער אויך דעם „דף היומי". גבאי פון די גרויסע גערער שטיבל איז געווען ר' הלל עובדיה גאלדבראך הי"ד. די תלמידי חכמים וואס האבן טייל־ווייז געזאגט די שיעורים זענען געווען: ר' יעקב שו"ב ראזענטאל ז"ל, ר' אלי יוסף דזשאלדאוו ז"ל. (זיין זון, הרב שלמה דזשאלדאוו, לעבט אין פראנקפורט און איז דארט א שוחט); ר' איטשע מאיר גארפינקל ז"ל, ר' הערש בער בערמאן הי"ד, ר' מאיר הענעך טייטעל־בוים הי"ד, און אנדערע. בעל קריאה איז געווען ר' ישראל אשר ווזשאס ז"ל, און נאך זיין טויט — ר' יעקב העניך דראטווע הי"ד. די בעלי תפילות ימים נוראים זענען געווען: בעלי מוסף — דער שוחט ר' יעקב ראזענטאל ז"ל, שפעטער ר' אברהם פלוסבערג נ"י, און צו לעצט ר' ישראל מילער הי"ד. בעלי שחרית זענען געווען: ה' אברהם יצחק האלץ ז"ל (געשטארבן אין אמעריקע). אויפגערופן צום ספר האט ר' אלי פלוסבערג הי"ד (זיין זון, ר' ברוך מענדל נ"י געפינט זיך אין ישראל מיט זיין פרוי העניע, די טאכטער פון ר' חיים יאנואר הי"ד).

דרך אגב איז כדאי דא צו באמערקן דעם זעלטענעם זכרון פון ר' אלי פלוסבערג הי"ד: אין די גרויסע גערער שטיבל האבן געדאוונט יעדן שבת ארום 8 מנינים, און ער האט געדענקט די יארצייטן פון יעדן איינעם. און ביים אויפרופן צום ספר האט ער געוווּסט ווער עס איז מחויב עולה צו זיין, ד"ה ווער עס האט יארצייט די קומענדיקע וואך. ווען איך האב געהאט דעם ערשטן יארצייט נאך אבי מורי המנוח ז"ל, ד' תמוז תרפ"ה, האט ער מיר דעמאלט געזאגט, דאס מיין יארצייט וועט קיין מאל נישט אויספאלן שבת, דינסטיק אדער דאנערשטיק. אין די קליינע גערער שטיבל איז געווען גבאי און בעל קורא ר' שאול פראגער הי"ד (זיין זון, נחום [נארבערט] פראגער, וואס האט מיט 50 יאר צוריק אויסגעוואנדערט פון דאבזשין קיין דייטשלאנד, האט ביז מיט א האלב יאר צוריק געלעבט אין האנאווער, ווו ער איז געווען ראש הקהל, חזן און בעל קריאה).

די מתפללים פון גערער שטיבל האבן נישט בלויז עוסק געווען

בתורה וחסידות נאר אויך אין געזעלשאפטלעך־פאליטיש לעבן האבן זיי ארויסגעוויזן זייער אקטיוויטעט. אזוי למשל, איז געווען דער חשובער עסקן ר' יחיאל מאיר גוטמארגן הי"ד דירעקטאר פון דער אגודה באנק, מנהל פון יסודי התורה און פארזיצער פון אגודת ישראל. די בחורים פון שטיבל האבן זיך ארגאניזירט אין די „צעירי אגודת ישראל" און דארט האבן זיי אנטוויקלט א לעבהאפטע טעטיקייט. זייער סעקרעטאר איז געווען הבחור ישראל מאיר פיעכאטקע הי"ד, און אין קאמיטעט זענען געווען די בחורים: ברוך גאלדפינגער, מענדל לעווקאוויטש, זלמן יענדשיעוויטש, משה איטשע מילער און אנדערע.

אין אלקסאנדערער שטיבל איז געווען גבאי ר' יעקב יהושע קופלער הי"ד, און צווישן די מתפללים האבן ספעציעל בולט געווען ר' יהושע חיים מינסקי שו"ב ז"ל, (ער איז נפטר געווארן אין ירושלים, וווּ ער האט לעצטנס געוווינט); ר' זלמן חסיד ז"ל ראזענוואקס, ר' ליבל ליפשטאדט (פון זיין משפחה איז געבליבן די טאכטער מאניא, וועלכע וווינט אין אמעריקע מיט איר מאן באלעק זיידנער פון ליפנא און זייער קינד); ר' חיים יאנואר הי"ד. א זייער אן אינטערעסאנטע געשטאלט און גרויסער תלמיד חכם איז געווען ר' מאיר קאהן ז"ל, וועלכער האט אנגעהויבן זיין חסידות ביים יונגן ווורקער רבין זצוק"ל און געענדיקט ביים „ישמח ישראל" זצוק"ל. נישט געקוקט אויף דעם וואס ער איז תמיד געזעסן און געלערנט, און ממש לא פסק פומיה מגירסא, האט ער דערצויגן זיינע 2 זין צו זיין געשעפט אונטערן נאמען: **מאיר קאהן און זין.** עס איז כדאי צו באמערקן, אז דער „ישמח ישראל" האט אויף אים געזאגט דאס ער איז קלאר און ווייס דעם גאנצן „מגן אברהם" בעל פה. זיין זון ר' מענדל קאהן הי"ד, וועלכער איז געווען באקאנט אין דער חסידישער וועלט אלס ר' מענדל דאבזשינסקער איז אויך געווען א גרויסע פערזענליכקייט. ער האט ממש מקיים געווען „יהי ביתך פתוח לרווחה", און ער האט זוכה געווען צו תורה וגדולה במקום אחד — האט זיין געשעפט ברייט אנטוויקלט, דאך האט ער אויך דעם „והגית בו יומם ולילה" נישט פארנאכלעסיקט. ער האט אויך אַ גרויסן אנטייל גענומען אין געזעלשאפטלעכע ארבעט: ער איז געווען פרנס אין דער קהילה, לאווניק אין געריכט און גלייכצייטיק לאווניק אין שטאט־ראט. זיין געשטאלט און הדרת פנים האט ארויסגערופן גרויס דרך ארץ, אפילו ביי די גויים. פון זיין משפחה

זענען געבליבן לעבן נאר 2 זין, יחזקאל און יעקב קאהן, וועלכע וווינען היינט אין ישראל. דער איידעם פון ר׳ מענדל קאהן, רבינער נתן זאנגער האט אויסגעטרונקען דעם ביטערן כוס ביז צום סוף. ער האט פארלוירן זיין פרוי נענטשע מיט די 2 זין, יצחק דב און מאיר הי״ד.

זיין ברודער אברהם הערש קאהן ז״ל איז נישט קוקנדיק אויף זיינע אייראפעאישע קליידונג און זיינע גרויסע פארבינדונגען אין דער האנדלס וועלט אויף א קאלאסאלן מאסשטאב געווען א הייסער און איבערגעגעבענער אלעקסאנדערער חסיד; ער האט קיין מאל נישט אויסגעמיטן צו באגלייטן די אדמו״רים פון אלעקסאנדער בשעת זיי זענען געפארן אויף קור אין אויסלאנד. אין די יארן 1924—25 האט אים די „אגודת ישראל״ נאמינירט אלס קאנדידאט צום פוילישן פארלאמענט. זיין ערשטע ישראל רייזע האט ער געמאכט אין יאר 1925 און דארט גלייך געגרינדעט אן אקציען געזעלשאפט אויף צו בויען א גרויסע ציגעלניע, און האט זוכה געווען, צו עולה זיין נאך פאר דעם חורבן מיט א טייל פון זיין פאמיליע.

זייער אינטערעסאנטע געשטאלטן זענען אויך געווען די אלעק־סאנדערער חסידים ר׳ יהושע מאיר וואלדענבערג הי״ד, דער ראש הקהל פון דער יידישער געמיינדע אין דאבזשין, און דער מוהל ר׳ שמואל משה רוינע הי״ד, וועלכע האבן פארנומען א בכבודיקן פלאץ אין דער יידישער געזעלשאפט און מיט ווירדע פארטיידיקט דעם יידישן כבוד. א זון פון ר׳ זלמן חסיד ראזענוואקס ז״ל געפינט זיך אין ישראל, דאס איז ר׳ יהודה ראזענוואקס וועלכער וווינט אין חולון, א איידעם פון ר׳ הערש בער בערמאן הי״ד געפינט זיך אויך אין ישראל, דאס איז ר׳ יעקב יחיאל ביעלאווסקי אין תל־אביב.



סעפטעמבער 1939. די דייטשע חיילות זענען אריבער די גרע־נעץ. די פוילישע הימלען זענען באדעקט געווארן מיט היטלער עראַ־פלאנען, וועלכע האבן געזייט טויט און פארניכטונג. די ערשטע קרבנות זענען געווען די יידן ביי דער דייטש־פוילישער גרענעץ.

שוין באלד נאך דער אקופאציע, ראש השנה, איז א טייל פון דער יידישער באפעלקערונג אין דאבזשין געכאפט און אוועקגעשיקט געווארן קיין דייטשלאנד, און סוכות זענען צונויפגעזאמלט געווארן 40 אנגעזעענע משפחות פון די איבערגעבליבענע און אויך זיי האבן די רוצחים ארויסגעשיקט פון שטאט. נאך דעם איז אין פלוג שטילער

געווארן. דאס יידישע לעבן האט זיך צו ביסלעך צוריק סטאביליזירט. אבער ניין, באלד נאך דעם, דעם 11טן נאוועמבער, האבן זיך אין שטאט באוויזן 200 געסטאפא־לייט, זיך פארזאמלט אויפן מארק־פלאץ מיט אנגעלאדן געווער. דער לאנדעס־ראט האט גערופן צו זיך דעם פרעזעס פון דער יידישער קהילה, און האט באפעלט, אז די גאנצע יידישע באפעלקערונג זאל גלייך פארלאזן די שטאט. צווישן די יידן איז אנטשטאנען א בהלה און בכדי אפצורופן די גזירה רעה איז




א גרופע ייִדן ארויס אין שטאט, געגאנגען פון שטוב צו שטוב און צענויפגעזאמלט געלט, זילבערנע לייכטער, חתונה פינגערלעך און אנדערע ווערט זאכן, דאס אלץ אוועקגעטראגן אין געסטאפא. די היטלער־מערדער האבן דאס גערן צוגענומען, אבער דאס אלץ האט נישט פארמיטן דעם גירוש דאבזשין. אין עטלעכע טעג שפעטער איז די שטאט געבליבן יידן־ריין.

די דאבזשינער יידישע באפעלקערונג האט מיטגעטיילט דעם ביטערן גורל פון גאנצן פוילישן יידנטום.



זאל אט די באשיידענע רשימה דינען אלס מצבה אויף די צעזייטע קברים פון די גדולי־התורה, זייערע תלמידים, די געזעל־שאפטלעכע טוער און די גאנצע יידישע באפעלקערונג.

געווען א יידיש צאפלדיקע שטעטל דאבזשין און זי איז... מער נישטא.

**שרה גראנער-קראנץ**

# אינסטיטוציעס און פארטייען אין דאבזשין

א הארציק גוט שטעטל. גוטע מענטשן מיט גוטע הערצער, איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן בלב ובנפש. קיין מאל קיין קנאה נישט געוווסט, פארגונען איינער דעם צווייטן. קעגנזייטיקע הילף איז געווען איינע פון די שענסטע מידות אין שטעטל. יעדער איז געווען צופרידן אויב ער האט געקענט דעם צווייטן א טובה טאן. צייטונגען, צום ביישפיל, זענען געווען נאר ביי געציילטע מענטשן אין שטעטל, אבער יעדער וואס האט זיי נישט געהאט האט זיי געקענט לעזןביים צווייטן אין שטוב, אפילו ביי א גלעזל טיי און פארבייסן מיט א שטיקל קוכן.

קיין גרויסע למדנים זענען אין שטעטל נישט געווען, אבער דער דור נאך דער ערשטער וועלט מלחמה האט געזוכט פארשיידענע מעגלעכקייטן צו פארפאלקאמען זיך אין מיטעלע און העכערע ביל־דונג. אין שטעטל איז געווען א ביבליאטעק וועלכע איז געווען איר וויכטיקסטע קולטורעלע אינסטיטוציע. די ביבליאטעק איז געגרינדעט געווארן און האט עקזיסטירט אין געהיים פון דער צייט פון דער צארישער מאכט ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה אין 1914, און נאר אונטער דער דייטשער אקופאציע איז זי לעגאליזירט געווארן. אין דער ביבליאטעק זענען געווען טויזנטער בענדער בעלעטריסטיק און וויסענשאפטלעכע ביכער. פיל לעזער פלעגןווארטן מיט אומגע־דולד אויף דעם צווייטן טייל פון א ראמאן נאך דעם ווי זיי האבן געענ־דיקט דעם ערשטן טייל און דער צווייטער איז נאך געווען ביי אימעצן אנדערש. בכלל איז געווען גרויס דער דורשט נאך קולטור ביי די ארבעטער יוגנט וועלכע האט געשטרעבט צו אויסברייטערן אירע ידי־עות און האריזאנט אין פארשיידענע ריכטונגען כדי צו קענען נעמען אנטייל אין דיסקוסיעס אדער וויסענשאפטלעכע שמועסן וועלכע זענען אפט פארגעקומען אין דער ביבליאטעק אדער אין די ארבעטער קלובן. די חברים פון אט די קלובן האבן זיך שטארק אינטערעסירט אין די דיסקוסיעס און שמועסן און דער קרייז פון די אנטיילנעמער און צוהערערס האט זיך כסדר אויסגעברייטערט.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה האט זיך די אלגעמיינע לאגע אין שטעטל פארערגערט. די דייטשן — וועלכע

זענען נאך דעמאלט נישט געווען אזוי אכזריותדיק, האבן זיך דאך נישט גוט באצויגן צו די באפעלקערונג. זיי האבן גענומען מענער אויף צוואנגס ארבעט און זיי אוועקגעשיקט אין ווייטע געגענטן, און די זארג פאר פרנסה — אויסהאלטן די פרוי מיט קינדער — איז געפאלן צו לאסט דעם שטעטל, וועלכע איז נאטירלעך, ווי אין מלחמה צייט, געווען אין א שווערע עקאנאמישע לאגע. אמת, קיינער איז נישט געשטארבן, חלילה, פון הונגער אבער די אונטערדריקונגס טענדענץ פון דער דייטשער מאכט קעגן די יידן האט געווארפן א מורא אויף דאס שטעטל, וועלכע האט זיך געלאזט פילן אין טאג טעגלעכן לעבן.

דער באוווסטער גירוש אין 1914, דער ערשטער יאר פון דער וועלט מלחמה, וועלכער איז געווען באגלייט מיט ערנסטע דראונגען פון א טאטאלן מארד, האט פיזיש, מאראליש, און עקא־נאמיש, צובראכן די יידישע באפעלקערונג וועלכע האט אויך אן דעם שטארק געפילט דעם שווערן דרוק פון דער דייטשער אקופאציע. מיר האבן דאן איבערגעלעבט עטלעכע שווערע מאנאטן דערוויטערט פון דער היים און אין שווערע עקאנאמישע באדינגונגען. ערשט נאך דעם ווי די ערשטע „חלוצים" האבן זיך אומגעקערט און האבן אונדז פארזיכערט די רואיקייט, האט זיך אנגעפאנגען די מאסן באוועגונג צוריק א היים. אין א קורצע צייט האט זיך דאס שטעטל אומגע־קערט מער אדער ווייניקער צו איר נארמאלן שטאנד אין לעבן.

דאבזשין איז געווען געבענטשט מיט פארטייען, די גרעסטע און שטארקסטע פון וועלכע איז געווען די ציוניסטישע פארטיי, וועלכע האט נאך פאר דער ערשטער וועלט מלחמה דעלעגירט ר' פייביש כיפקא אלס איר אויסדערוויילטער פארשטייער צום קאנגרעס. אויך אנדערע פארטייען האבן אנגעפירט א לעבהאפטע טעטיקייט, און צווישן זיי די פועלי־ציון, וועלכע האבן אויך געהאט א יוגנט ארגאניזאציע, „באראכאוו". א מער באגרענעצטע טעטיקייט האט אנגעפירט דער „בונד". שותפותדיק צו אלע פארטייען איז געווען די אויפגאבע צו שאפן א באוווסטזיניקע יוגנט, יעדער איינער לויט איר אידעע און אכטונג פון איר פארטיי.

נאך דער ערשטער וועלט מלחמה האט זיך אנגעפאנגען א שטארקע באוועגונג, בעסער געזאגט, א דראנג פאר עמיגראציע. א טייל פון די יוגנט און אויך גאנצע משפחות וועלכע האבן שוין אין אנפאנג פון פוילישן רעזשים איינגעזען די שוועריקייטן פון פרנסה

אונטער דעם רעזשים האבן געזוכט א מעגלעכקייט צו פארלאזן דאס קליינע שטעטל. דער איינגעווארצלטער פוילישער אנטיסעמיטיזם האט אנגעפאנגען ארויסווייזן מער און מער שנאה צו די יידן און וועלכע האט זיך אויסגעדריקט אין אן אלגעמיינעם באיקאט, וועלכער האט געגזלט ביי צענדליקע משפחות זייער עקזיסטענץ.

איינע פון די איז געווען מיין משפחה. וועלכע האט געפילט אז זי פארלירט דעם באדן פון אונטער אירע פיס. ביי די ערשטע געלעגנהייט וואס מיר האבן געהאט האבן מיר פארלאזן דאס שטעטל אויפן וועג קיין אמעריקע. צוזאמען מיט אונדז זענען ארויס פון שטעטל עטלעכע משפחות, צווישן זיי שלעזינגער, פלאטניארזש' און אנדערע.

אזוי האט זיך פארענדיקט דער דאבזשין פעריאד אין מיין לעבן. איך האב פארלאזן דאבזשין מיט א שווערער הארץ און האב פארגאסן פיל טרערן איבערלאזנדיק דארט מיינע טייערסטע פריינט און חברים, דאס שטעטל וועלכע איז מיר געווען ליב און טייער, דאס שטעטל וועלכע איך האב שוין קיין מאל מער נישט געזען, און פון וועלכער דער צייכן פון יידישן וועזן איז אפגעמעקט געווארן אויף אייביק.

זאלן די שורות זיין אן אנדענק אויף די חורבות פון אמאליקן דאבזשין.



די „שמנה וסלתו" פון די דאבזשינער יוגנט
אין צענטער — מענדעל זאנאבענד

**טשארלס ל. גראנער, ניו־יארק**

# פארזארגערס אין דער קהלה

זכרונות פון אריבער פופציק יאר פירן מיך צוריק קיין דאבזשין, און עס מישן זיך אויף היסטארישע בלעטלעך פון דער אמאליקער קהלה מיט אירע פארזארגערס.

די אנגעזעענסטע דאזארעס (פרנסים) אין שטעטל צו יענער צייט זענען געווען ר׳ פייביש ליפקא און ר׳ חנינא סנדר גראנער. אזוי ווי דער ערשטער איז געווען זייער א רייכער ייד מיט א סך געשעפטן און דעריבער אויך געווען זייער פארנומען, איז די גאנצע ארבעט אין דער קהלה געפאלן אויף ר׳ חנינא סנדר, וועלכער איז געווען, פאר־קערט, פריי פון געשעפטן. ער האט נישט געהאט קיין דאגות פרנסה, ווייל ער האט געהאט זייער א סך דירה געלט פון די עטלעכע הייזער וואס ער האט פארמאגט.

ער איז נישט געווען קיין חסיד און פלעגט דאווענען אין שוהל, ווו ער איז יעדן שבת ביי קריאת התורה געשטאנען אויף דער בימה און פארטיילט עליות די מתפללים נאך א געוויסן סדר, און ווי ער האט פארשטאנען. ער איז נישט געווען באאיינפלוסט פון קיינעם און אזוי האט ער יארן לאנג געפירט זיין מלוכה אין דער שוהל אן וועלכע ס׳איז שטרייטן אדער מחלוקת, ווייל ער האט געהאט אויף זיין זייט די פולע סימפאטיע פון די מתפללים.

דער הילצערנער פלויט ארום דעם בית הקברות האט יארן לאנג געדינט פאר די פוילישע באפעלקערונג אלס הייצמאטעריאל אויף צו ווארעמען זייערע וואוינונגען, און אין משך פון יארן איז ער כמעט איינגאנצן צושלעפט געווארן. און בהמות האבן דארט געגעסן די גראז ארום די קברים. די יידן פון שטעטל האבן אין דעם געזען א חרפה פאר די מתים און האבן געפאדערט פון די דאזארעס אין דער קהלה צו מאכן א סוף צו דעם טרויעריקן מצב. א דאנק דער איניציאטיוו פון ר׳ חנינא סנדר גראנער איז געגרינדעט געווארן א פאנד צו אויפ־שטעלן א נייעם צוים ארום בית הקברות, א מויער פון ציגל. ער פלעגט יעדן טאג — אין פארלויף פון א גאנץ יאר — באלד נאך

דעם דאווגען — אוועקגיין צום בית הקברות און אכטונג געבן אויף דער ארבעט, אז זי זאל אויסגעפירט ווערן אין ארדנונג. ביי דער געלעגנהייט איז אויך צוגעבויט געווארן א דורכגאנגס צימער פאר דעם צדוק הדין און א וואינונג פאר דעם שומר פון בית הקברות.

נאך פיל אנדערע נוצליכע זאכן האט ר׳ חנינא סנדר גראנער געשאפן אין שטעטל. אויף די עלטערע יארן, ווען ער האט שוין נישט געקענט זיין טעטיק האט אים זיין זון, יעקב לייב גראנער, פאר־טראטן. יעקב לייב איז שוין געווען מער פארגעשריטן. ער איז געווען א מעל סוחר, באקאנט אין די סוחרישע קרייזן און האט צוגעשטעלט מעל צו דעם גרעסטן טייל בעקערייען אין שטאט. אויך ער איז געווען איבערגעגעבן — אזוי ווי זיין פאטער אין זיין צייט — צו די קהלה. מיט זיין טיכטיקע הילף איז געגרינדעט געווארן די חברה קדישא אן דער שפיץ פון וועלכער איז געשטאנען ר׳ אליהו שיינבארט, א באוווסטער סוחר וועלכער האט עקספאר־טירט תבואה קיין דייטשלאנד. דער הויפט גבאי איז געווען, הערשקע ר׳ וואלפס. זיין פאמיליע נאמען איז געווען לאנדא אבער אונטער דעם נאמען האט אים קיינער נישט געקאט. (צו יענער צייט זענען געווען אין שטעטל א סך בעלי־בתים וואס מ׳האט זיי געקאנט מיט צונעמענישן אבער זייערע ריכטיקע נעמען האבן נישט פיל געוווּסט).

ר׳ יעקב לייב גראנער האט געהאלפן גרינדן די אינסטיטוציע „הכנסת כלה" וועלכע האט געהאלפן זייער פיל פאמיליעס אין שטעטל חתונה מאכן זייערע ארעמע מיידלעך. דער פארזיצענדער איז געווען ר׳ יעקב קירזשנער, און דער צווייטער גבאי איז געווען ר׳ לייב שלאכטער, א פיינער באשיידענער בעל הבית אין שטעטל. די מיטגלידער זענען געווען צדוק הערש צידקעוויטש, שלמה אליה פלאצקער, אברהם מענדל שעפער, טוביה וואלף פיעניעק, יצחק קאהן, און שמעון גראנער וועלכער איז אויך געווען א בעל־קורא, וועלכער האט געלייענט די תורה אין פאלוש ביים אריינגאנג אין דער גרויסער שוהל.

ביי דער שוהל האט עקזיסטירט א פאראיין וועלכער האט געהייסן „חברה בחורים". אין דעם פאראיין זענען געווען ארגאניזירט פאכלייט ווי, שוסטערס, שניידערס, סטאלארעס, און אנדערע. זייער אויפגאבע איז געווען צו באזארגן ארימעלייט אין שטעטל מיט באהייצונג אויף ווינטער. אין א געוויסער מאס האבן זיי אויך

געזארגט פאר עסן פאר די וואנדערענדע ארימעלייט. ס'איז כדאי צו באמערקן אז קיין איין דאבזשינער ארעמאן האט דאס שטעטל נישט פארלאזט אויף צו געפינען זיין ברויט ערגעץ אנדערש ווו. מיט דאס נויטיקסטע האט אים דאס שטעטל פארזארגט. דורות האבן געוווּסט צו דערציילן די גוטהארציקייט פון די דאבזשינער יידן וועלכע איז נישט אויסגעלאשן געווארן ביז דעם היינטיקן טאג.



**שמעון יוסף פלאטניארז', צ'יקאגא, ביי זיין רעדע' בשעת א קבלת פנים אין תל־אביב**

**יעקב גורני**

# די גרינדונג פון „בונד" אין דאבזשין

אין יאר 1916, אין ברען פון דער ערשטער וועלט מלחמה, איז ביי א גרופע חברים ארויפגעשווומען דער געדאנק צו ארגאניזירן אין דאבזשין די בונד פארטיי. דער חבר הערש אשר גוטליב — וועלכער איז געווען באוווסט מיט זיינע סאציאליסטישע אנשויאונגען — האט זיך געווענדט צו מיר מיט א פארשלאג — צו אנטייל נעמען אין לייגן דעם גרונדשטיין פון דער בונד פארטיי אין דאבזשין. מיין ענטפער איז געווען א פאזיטיווער און באלד נאך דעם האבן מיר אנגעפאנגען, קאנספיראטיוו נאטירלעך, צו פארשטענדיקן זיך מיט חברים וועמענס אנשויאונגען זענען אונדז געווען באקאנט און זיי גערופן אויף א פארזאמלונג. דער פלאץ פון דער פארזאמלונג איז געווען ביי קאלינאווסקין אין הויז. אין א קליין שטיבל אויפן בוידעם וועלכע איז געווען דאס קאוואליערן צימער פון הערש אשרן איז געשטאנען א קאסטן און א קליין אייזערנע בעטל מיט א שטרוי זאק, א באנק און א קליין שטולכל. דאס בערך איז געווען די מעבלירונג פון צימער.

צו דער פארזאמלונג זענען געקומען די פאלגענדע חברים: 1) יחיאל זיסהויף, 2) יחיאל קרוליק, 3) חיים דוד בראון, 4) מאיר מענדעלסאן, 5) בנימין איסר נאוואלסקי, 6) פישל ברוך סמוזשיק, און 7) משה גאלאמב.

אזוי ווי אלעס איז געטאן געווארן אין סוד און קאנספיראטיוו האבן מיר אויך געמוזט זארגן דערפאר אז קיינער פון די שכנים זאל אונדז נישט באמערקן בשעת דעם אריינגאנג אין צימערל. און דווקא דאס איז נישט געווען פון די לייכטע זאכן. מיר האבן געמוזט קריכן אויף א לייטער איבער א צווייטן בוידעם און אין אזא וועג זענען מיר איינציקווייז דערגאנגען צום צימערל. נאך דעם ווי מיר האבן פארהאנגען דעם קליינעם פענצטערל מיט א קאלדרע האט זיך הערש אשר אריבערגעבויגן איבער דאס בעטל, ארויסגע־

שלעפט פון שטרוי זאק א פראקלאמאציע און, בדחילו ורחימו, איר פארגעלעזן לאנגזאם, ווארט ביי ווארט. מיר האבן זיך גוט צוגע־הערט. און א חוץ דעם האט נאך הערש אשר צוגעגעבן זיינע אייגענע ערקלערונגען.

גלייך אויפן ארט איז דערוויילט געווארן א קאמיטעט, מיט הערש אשר גאטליב פארזיצענדער, יחיאל זיסהאלץ, סעקרעטאר, און יעקב גורני, ארגאניזאציע און ווירטשאפט.

פארשטייט זיך אז מיר האבן גלייך אנגעפאנגען ווירקן אין דער ריכטונג פון באקומען א געוויסע השפעה אין די קולטורעלע שטאטישע אינסטיטוציעס. בעיקר אין דער ביבליאטעק. איך וויל באצייכענען אז אין א קורצער צייט איז דער בונד געווארן אן ערנס־טער כוח. די צאל חברים האט זיך פארגרעסערט, און בשעת פולין האט באקומען איר זעלבסשטענדיקייט האט זיך דער בונד לעגא ליזירט און געפירט א העפטיקע טעטיקייט צו אנטוויקלען די ארימע מאסן אין שטעטל און זיי געגעבן עלעמענטארע בילדונג און שטיצע אויפן סאציאלן געביט. דאס איז געווען דער בונד וועלכער האט געשאפן די ערשטע דראמאטישע גרופע און אפט געגעבן פארשטע־לונגען פון יידישע קלאסישע דראמאטורגן.

די טעטיקייט פון בונד האט זיך געלאזט גוט באמערקן און איז געווען א ברכה פאר די ארימע מאסן אין שטעטל.



גאלדע טינכקי מ׳ט אירע קינדער

**יעקב ווז'אס**

# דער קאמף פאר בילדונג אין שטעטל

(זכרונות)

אין די פאלגענדע שורות וויל איך באשרייבן א טייל פון מיין יוגנט פארגאנגענהייט אין דאבזשין, עפיזאדן און געשעענישן, פאקטן און איבערלעבונגען וועלכע האבן זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון.

זיינערצייט האבן מיר געגרינדעט אין דאבזשין א פאראיין, „תפארת־בחורים", וועלכער האט זיך פארנומען בעיקר מיט רעליגיעזע טעטיקייט. איך דערמאן זיך אין די גראנדיאזע פייערונג בשעת דעם סיום פון א ספר־תורה אין הויז פון ר' יצחק ליכטענפעלד. די הויפט מחותנים פון דער פייערונג זענען געווען עזריאל אליה ליכטענפעלד, דניאל מילער, אברהם יעקב ראזענוואקס, די ברידער פאגעל און דער שרייבער פון די דאזיקע שורות.

מיטן פארענדיקן דאס לעצטע אות אין ספר זענען מיר אוועק צו דער שוהל ווו עס האבן זיך שוין פארזאמלט הונדערטער יידן. דער כאר מיט אן ארקעסטער האבן געעפנט די פייערונג מיט „הללויה", דער עולם האט מיטגעזונגען, מען האט געטרונקען „לחיים", פארביסן מיט לעקעך, און דערנאך זיך אוועקגעלאזן אין א פרייליכן טאנץ אזוי ווי אומעטום ביי יידן.

עטלעכע יאר שפעטער האבן מיר געגרינדעט אן אנדער פאראיין, פאר סאציאלע הילף, וועמענס אויפגאבע עס איז געווען צו אונטער־שטיצן נויטבאדערפטיקע אין שטעטל. מיר האבן צונויפגעשטעלט א רשימה פון א 200 בעלי־בתים, וועלכע זענען באשטייערט געווארן מיט א חודשלעכן אפצאל אין דער הויך פון 25 קאפיקעס און מיר, די חברים פון פאראיין, האבן דעם אפצאל איינקאסירט יעדן חודש. פאר דעם געלט האבן מיר געקויפט קארטאפל און קוילן צום הייצן. יעדע נויטבאדערפטיקע משפחה האט באקומען א חודשלעכע צוטיי־לונג פון 50 ק"ג קארטאפל און 50 ק"ג קוילן אין די ווינטער חדשים. פארשטייט זיך אז אט די אונטערשטיצונג האט ווייט נישט געלייזט די פראגע פון דער אלגמיינער סאציאלע לאגע, אבער אין א געוויסע

מאס האבן אויך געזארגט עסק־
נים און נשים צדקניות צו משלים
זיין די אויפגאבע.



אליעזר זאקליקאווסקי ז״ל

אין אנפאנג פון צוואנציקסטן
יארהונדערט האט דער דורשט
פאר קולטור באוויגן א גרופע בחו־
רים, צווישן זיי עזריאל זאקס,
שלמה הארטבראַט, שמואל פרום,
אברהם צודקעוויץ, חיים וולף ראַ־
פאפארט און דער שרייבער פון די
שורות צו אינטערעסירן זיך און
שאפן די מעגלעכקייט פאר דער
גרינדונג פון א ביבליאטעק אין
דאבזשין. צו יענער צייט איז דאס
נישט געווען פון די לייכטע זאכן.
דער רוסישער רעזשים האט אויסגעמיטן ווי ווייט מעגלעך דאס
פארשפריטן בילדונג און קולטור אין די נישט רוסישע פראווינצן פון
דער גרויסער אימפעריע, בפרט נאך אין דער פארם פון א לעגאלע
ביבליאטעק. טראץ דעם וואס יעדער פון אונדז האט פארמאגט א צאל
ביכער, וועלכע מיר פלעגן אויסטוישן צווישן זיך, האט עס נישט
אפגעשוואכט דעם שטארקן ווונטש צו באקענען זיך מיט מאדערנע
ליטעראטור, הויפטזעכלעך פון די יידישע קלאסיקער וועלכע זענען
צו יענער צייט ערשינען. איך אליין בין געווען א חבר אין די ליפנער
ביבליאטעק און שמואל פרום אין די שעפסער, אבער נישט אלע מאל
איז אונדז געלונגען צו באקומען דעם געוווּנטשטן בוך. עס איז דעריבער
געווען נאטירלעך און פארשטענדלעך די שטרעבונג פון די יוגנט,
צו לעגאליזירן א ביבליאטעק אין דאבזשין.

די ערשטע ביטע אין נאמען פון עזריאל זאקס איז איבערגעשיקט
געווארן צום פלאצקער גובערנאטאר וועלכער האט — ווי מיר האבן
זיך שפעטער דערוווּסט — געשיקט אן אויספארשונג קאמיסיע פון
געהיים פאליציי, אבער דער רעזולטאט איז געווען א פאלשטענדיקער
אפזאג.

א צווייטע ביטע צום זעלבן גובערנאטאר איז געשיקט געווארן
אין נאמען פון יוסף חיים רודא, אבער אויך דאס מאל איז געקומען
אן אפזאג. דאן האבן מיר געפרווּט לעגאליזירן א פריוואטע ביבלאטעק

דורך א דאבזשינער לערער, קוטנער, וועלכער האט געשטאמט פון ליפנא, און האבן די ביטע מאטיווירט, אז דאס איז פארן צוועק פון פרנסה. אויך אין דעם פאל איז נאך א קורצע צייט געקומען אן אפזאג.

ווען מיר האבן געזען אז אויף אזא וועג וועלן מיר די לעגאלי־זאציע נישט דערגרייכן, האבן מיר באשלאסן אנווענדן אנדערע מיטלען. מיר האבן זיך געווענדט שריפטלעך צו „חברת הזמיר" אין מלאווע, וועלכע האט געהאט א ביבליאטעק און געבעטן זיי עפענען א פיליאלע אין דאבזשין, אבער דער ענטפער וואס מיר האבן באקומען איז לײדער נישט געווען קיין צופרידנשטעלנדער. האבן מיר באשלאסן דעלעגירן דעם חבר אליעזר זאקליקאווסקי צו די פארשטייער פון „חברת הזמיר", אין מלאווע, אן דער שפיץ פון וועלכער איז געשטאנען זיין קוזין, דער באוווסטער שרייבער יקיר ווארשאווסקי, אבער נאך א קורצע פארהאנדלונג האט זיך ארויסגעוויזן אז די זאך איז אומעגלעך. מיר האבן אלזא גענומען זוכן אן אנדער וועג. אויך אין ווארשע האט עקזיסטירט א „חברת הזמיר" אן דער שפיץ פון וועלכע איז געשטאנען א געוויסער ד"ר לעווין, א פיינער, ליבעראלער ייד. אונדזער קאמיטעט האט אפגעהאלטן א קורצע בעראטונג און האט באשלאסן צו דעל־עגירן מיך קיין ווארשע צו די „חברת הזמיר" מיט דער האפענונג אז מיר וועלן באקומען פון זיי די מעגלעכקייט צו עפענען זייערע א פיליאלע אין דאבזשין. אנגעקומען קיין ווארשע בין איך אוועק צו דער אנגעצייכענטער אדרעס, בשעת דער קאמיטעט פון „חברת הזמיר" האט אפגעהאלטן זיין ווערכענטלעכע זיצונג. מען האט מיך אויפגענו־מען זייער פיין, און דער פארזיצענדער, ד"ר לעווין, האט מיר באשטימט אויף מארגן א שעה פאר א געשפרעך ביי אים אין הויז. אין דעם געשפרעך האבן מיר זיך הארציק דורכגעשמועסט, אבער ליידער איז אויך דערפון גארנישט ארויסגעקומען. ער האט מיר נאר באמערקט אז די איינציקע יידישע אינסטיטוציע וועלכע האט א מעגלעכקייט צו העלפן אין דעם פאל איז די „חברת מפיצי השכלה" אין פעטערבורג ווו אוודזער פרעזידענט היינט צו טאג, זלמן רובאשאוו־שזר, איז געווען איינער פון די טעטיקע חברים.

מיר האבן זיך געווענדט צו זיי שריפטלעך און אויסגעשריבן זיי אלע פרטים, אבער נאך א קורצע צייט האבן אויך זיי אונדז געשריבן אז דער ענין איז זיי אונדערמעגלעך.

נאך דעם ווי עס האבן זיך אוסגעלאזן אלע וועגן האבן מיר באשלאסן צו גרינדן אן אומלעגאלע ביבליאטעק.

מיר האבן צוזאמענגערופן א פארזאמלונג און דערציילט די אנוועזענדע וועגן די פרווון און אנשטריינגונג פון קאמיטעט אין משך פון א לאנגע צייט צו לעגאליזירן א ביבליאטעק אין דאבזשין וועלכע האט זיך צום סוף ארויסגעוויזן צו זיין אוממעגלעך. גלייך אויפן ארט האט מען צונויפגעזאמלט א סומע געלט, אויסגעשריבן א רשימה פון ביכער און איבערגעגעבן א שפיליטער וועלכער פארקערט מיט ווארשע און נאך עטלעכע טעג האבן מיר באקומען די באשטעלטע ביכער וועלכע מען האט גלייך איבערגעפירט צו עזריאל זאקס אין זיין וווינונג. די ביכער האט מען אויסגעליען פארשריבענע חברים צוויי מאל א וואך, מאנטיק און דאנערשטיק, אין די אוונט שעהן פון זעקס ביז ניין.

אין די שעהן פון פארטיילונג האבן מיר אנגענומען פארזיכטס מיטלען און אוועקגעשטעלט ביים איינגאנג צום הויז צוויי חברים, וועמענס אויפגאבע איז געווען אדורכזיפן די דורכגייער. א צייט שפעטער איז געפאלן א חשד אויף צוויי פאליציאנטן וועלכע מען האט באמערקט אין די פארטיילונגס שעהן דורכגיין ביי זאקסעס הויז און אזוי ווי די ענדעקונג פון דער ביבליאטעק איז געווען פארבונדן מיט דריי חדשים טורמע, האט דער קאמיטעט באשלאסן צו ליקווידירן די פארטיילונג, איינגעפאקט די ביכער אין עטלעכע קעסטלעך און איבערגעפירט צו אונדז אויפן בוידעם.

דאס איז געווען קורץ פארן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה. ווען די דייטשן האבן אקופירט פוילן האבן זיי ביי אונדז אין שטאט געשאפן א ציוויל פארוואלטונג מיט א דייטשן לויטנאנט (זיין נאמען איז געווען שאדע) אן שפיץ אלס בירגערמייסטער. מיר האבן זיך געווענדט צו אים ער זאל אונדז ארויסגעבן אן ערלויבעניש צו עפענען א ביבליאטעק. ער האט אונדזער בקשה גלייך באשטעטיקט, און נאך עטלעכע וואכן האבן מיר געעפנט די ביבליאטעק ביי נאוואלסקין אין הויז. שוין אין אנפאנג האט די ביבליאטעק געציילט אריבער צוויי טויזנט ביכער און טריט ביי טריט איז די צאל ביכער געוואקסן און פארגרעסערט געווארן. דער קאמיטעט וועלכער איז אויסדערוויילט געווארן איז באשטאנען פון די חברים : 1. דב ילובסקי, 2. פיניק, 3. פינצעווסקי, 4. יוסף וואלדענבערג, 5. מאיר כהן, 6. דוד כהן, 7. בונם זאקליקאווסקי און 8. אליעזר זאקליקאווסקי.

ביי דער ערשטער זיצונג האט דער קאמיטעט באשלאסן צו רופן די ביבליאטעק אויפן נאמען פון שלום עליכם, און אנפירן איר מחוץ וועלכע עס איז פארטיי קאמף.

מיט דער צייט האט מען אין דעם גערוימיקן זאל פון דער ביבליאטעק איינגעארדנט ליטערארישע אוונטן וועלכע האבן צוגעצויגן פיל צוהערער.

איך וויל דא באצייכענען די באזונדערע פארדינסטן פון די פאלגענדע חברים: 1. משה זאנאבענד, 2. יוסף חיים רודא, 3. הירש וואלף רוסאק, 4. נחום פראגער, 5. משה חיים צירקלארזש, און דעם שרייבער פון די שורות, פאר דער ענטוויקלונג פון דער ביבליאטעק. אויך די פרויען: הענדעל דאבזשינסקי, אסתר וזשאס און חיה מילער האבן געגעבן פיל פון זייער פרייער צייט לטובת דער ביבליאטעק.

די ביבליאטעק האט אויך איינגעפירט אוונט קורסן פאר יידיש, פויליש און דייטש, אנגעפירט פון יעקב אייזיק און דב ילובסקי. שפעטער אביסל זענען ארגאניזירט געווארן אין דער ביבליאטעק אויך קורסן פאר עברית. ווען עס האט זיך געטראפן אז דער לערער איז צוליב וועלכע עס איז סיבה נישט געקומען האב איך אדער צירקלארזש געדינט אלס ממלא מקום.

דאס איז געווען איינע פון די שענסטע תקופות פון קולטורעלע אנטוויקלונג אין דאבזשין.



ר׳ הירש בער בערמאן ז״ל, מיט זיין משפחה, ריכט אפ דעם סדר



די פרוי און קינדער פון ר׳ עזריאל זעלקאוויטש ז״ל

**אסתר גראנער־רעבבע**

# די קורצע געשיכטע פון טשיקאגער דאבזשינער ארגאניזאציע

צום יזכור בוך וואס אונדזערע דאבזשינער פריינד אין ישראל גיבן ארויס וויל איך דא בייטראגן א קורצן איבערבליק פון דער ארבעט וואס די דאבזשינער לאנדסלייט אין טשיקאגא האבן געטאן צו העלפן אונדזערע פאראומגליקטע דאבזשינער אין דער צייט פון דעם חורבן אין אייראפע, און פאר די ווייניקע איבערגעבליבענע נאך דעם אומקום פון אונדזערע ליבסטע דורך די נאצישע מערדער באנדעס. גלייכצייטיק וויל איך דא אויך אפגעבן א קורצן דין־וחשבון פון די טויזנטער דאלארן וואס די דאבזשינער לאנדסלייט האבן אויפגעזאמלט אין טשיקאגא.

איך וויל געבן א קלארן באגריף פאר יעדן דאבזשינער ווי ער זאל זיך נישט געפינען פון די איבערגעגעבענע ארבעט וואס די טשי־קאגער לאנדסלייט האבן געטאן פאר אונדזערע ווייניקע פארבליבענע שוועסטער און ברידער וועלכע זענען יעצט צוזייט און צושפרייט איבער דער גאנצער וועלט.

די געשיכטע פון די טשיקאגער דאבזשינער ארגאניזאציע הויבט זיך אן אין יאר 1917, ווען זי איז געגרינדעט געווארן אונטער דעם איינדרוק פון די שרעקלעכע באריכטן אין די אמריקאנער פרעסע איבער דער לאגע פון די פוילישע יידן. עס האט זיך דאן פארזאמלט א גרופע דאבזשינער לאנדסלייט אין טשיקאגא צו ארגאניזירן זיך אין דער פארם פון א הילפס ארגאניזציע כדי צו קענען העלפן די אלע אין שטעטל וואס נויטיקן זיך אין הילף. אייראפע איז דאן געווען זייער פארארימט און מער פון אלע האבן געליטן די יידן אין די קליינע שטעטלעך. אין די יארן 1919—20 האבן מיר געשיקט א סך טויזנטער דאלארן קיין דאבזשין. גלייכצייטיק האט אונדזער ארגא־ניזאציע געהאלפן א גרופע דאבזשינער יונגעלייט וועלכע האבן זיך דאן געפונען אין בערלין. נאך דעם האבן מיר רעגעלמעסיק געשיקט יעדן מאנאט קלענערע סומען צו פיל איינצעלנע פאמיליעס אין שטעטל, זעלבסטפארשטענדלעך, די וואס האבן זיך שטארק גענויטיקט אין שטיצע. אין יאר 1923 האבן די דאבזשינער פרויען אין טשיקאגא איבערגענומען די הילפס־ארבעט און זיי האבן שוין געזארגט פאר

רעגעלמעסיקע געלט זענדונגען — נאך א ליסטע — פון 150 משפחות בערך. דער דראנג פאר הילף איז געווען זייער גרויס און פיל מאל זענען מיר פשוט נישט געווען אימשטאנד נאכקומען דעם פארלאנג. אין אזא פאל פלעגן מיר, פרויען פון דער ארגאניזאציע, לייען גרעסערע סומען געלט כדי אלע אין שטעטל זאלן זיין צופרידן.

אין מיטן פון די דרייסיקער יארן האט זיך די עקאנאמישע לאגע אין שטעטל שטארק פארערגערט צוליב די אנטיסעמיטישע באוועגונג וועלכע האט געהעצט צו באיקאט. דאן האט זיך דער מענער פאראיין גענומען מער אינטערעסירן אין די הילפס אקציע. ער האט זיך געשטעלט אן אויפגאבע צו שיקן פעקלעך פון קליידונג, שיך און אויך שפייז. די הילף איז געשיקט געווארן פאר די קינדער פון די תלמוד תורה און שולן, ספעציעלע הילף פאר די ביבליאטעק, א סומע געלט פאר די גמילות־חסדים קאסע כדי זי פעאיק מאכן צו אויסלייען צו די וואס ווענדן זיך פאר באלדיקע הילף. אין יאר 1939 מיטן אויסברוך פון די וועלט מלחמה, איז די הילף אין גאנצן אפגעשטעלט געווארן. דער פאראיין איז דאן פארפלייצט געווארן מיט א מבול פון בריוו, וועלכע האבן אונדז געגרייכט אבער ליידער איז שוין קיין מעגלעכקייט נישט געווען די הילף איבערצושיקן. מיר יעדנפאלס האבן די געלט זאמלונגען צווישן אונדזערע חברים נישט אפגעשטעלט כדי עס זאל זיין געלט אין קאסע, און ווען עס וועט זיך נאר שאפן די מעגלעכקייט וועלן מיר גלייך זיין גרייט מיט אונדזער הילף. אבער די ווירקלעכקייט איז ליידער נישט געווען ווי מיר האבן זיך פארגעשטעלט. דער חורבן פון אונדזערע ברידער אין פוילן בכלל און אין דאבזשין בפרט האבן צונישט געמאכט אלע אונדזערע פלענער.

ערשט אין יאר 1948 איז אונדז געלונגען צו פארבינדן זיך מיט פארשידענע צענטערס אין אייראפע, און דורך זיי האבן מיר זיך דערוווסט פון צענדליקע דאבזשינער פליטים וועלכע זענען געבליבן לעבן נאך דעם גרויסן חורבן. ביסלעכווייז האבן מיר אנגעהויבן באקומען פון זיי בריוו אין וועלכע זיי האבן געבעטן הילף. מיר האבן גלייך אונטערגענומען א גרויסע הילפס־אקציע.

אין אונדזער קארעספאדענץ האבן מיר זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיט עטלעכע לענדער אין אייראפע, און דורך שליחים און דורך פאסט האבן מיר געשיקט גרעסערע סומען געלט ווי אויך פעקלעך מיט קליידונג און שפייז. די פרייד וואס אונדזער הילף מיט

דער באגלייטונג פון טרייסט בריוו האט ארויסגערופן ביי די פליטים, האט זיך געלאזט הערן פון די הארציקע דאנקען פון זייערע אנגעווייטיקטע הערצער, וועלכע האבן איבערגעלעבט די מלחמה, ווער אין בונקערס אין אייראפע, און ווער אין די וויסטענישן פון רוסלאנד. זייער פרייד איז געווען געוואלטיק גרויס, און מיר האבן מיט דאפעלטן קוראזש זיך געווארפן צו די זאמלונגס אקציעס. צו אונדזער גרויסער פרייד האבן אלע פארדאפלט זייערע באשטייערונגען; און געלט איז געפלאסן פון אלע זייטן. מיר האבן אפט איינגעארדנט מיטינגען, ביי וועלכע עס זענען פארגעלעזן געווארן די בריוו וועלכע מיר האבן באקומען פון אונדזערע טייערע פארבליבענע. ביים לייענען די בריוו האט זיך געהערט א שטילער געוויין צווישן די פארזאמעלטע. מיר האבן ווי ווייט מעגלעך געזוכט די געלעגנהייט צו שטיצן אונד־זערע טייערע נישט נאר מאטעריעליש נאר אויך מאראליש, דורך שיקן זיי בילדער און בריוו וועלכע האבן ווי שוין אויבן באמערקט ארויסגערופן ביי זיי א גרויסע פרייד. זיי האבן געפילט אז זיי זענען חלילה נישט עלנט, אז עס זענען פארבליבן געטריי משפחה מיט־גלידער, וועלכע וועלן זארגן אז די געראטעוועטע זאלן קענען ווידער שטיין אויף זייערע פיס און צוריק אויפבויען זייער לעבן.

אונדזער הילף האט דערגרייכט יעדן איינעם פון וואנען ער



פרוי ז׳ביצקי פון ניו־יורק ביי א קבלת פנים אין זאל פון קרן־קיימת אין תל־אביב

האט זיך נאר אפגערופן, אפילו אין כינע. מיר האבן געשיקט פאר־שידענע מעדיצינען, קאלדרעס אויף צודעקן זיך, הילף פאר לונגען־ליידנדע אז זיי זאלן זיך קענען קורירן. אויך האבן מיר דורך אונדזער אינטענסיווער קארעספאנדענץ צונויפגעבונדן צוזייטע און צושפרייטע פאמיליעס, ווען מיטגלידער האבן נישט געוווּסט איינער פון צווייטן. מיר האבן געזארגט אז זיי זאלן וואס שנעלער זיך צוריק אויפבויען. צוליב דעם האבן פיל פון זיי גלייך פארלאזט אייראפע און עמיגרירט אין גרויסן טייל קיין ישראל און פיל פון זיי קיין אמעריקע. ווען זיי זענען אנגעקומען קיין ישראל האבן מיר פון זיי באקומען עפטער בריוו און אויף זייער פארלאנג האבן מיר געשיקט ווערקצייג וועלכע זאלן זיי העלפן צו זייער פרנסה, אזוי ווי ניי־מאשינען א.א.וו. מיר האבן אויף יעדן פארלאנג געענטפערט לויט אונדזערע מעגלעכקייטן, און איך גלויב אז קיינער איז נישט באעוולט געווארן און יעדער איז באהאנדלט געווארן מיט יושר.

צווישן אלע בריוו פון געליטענע האבן מיר ערהאלטן א בקשה פון איינעם פון אונדזערע דאבזשינער וועלכער איז לעבן געבליבן אבער האט ליידער פארלוירן זיין גאנצע משפחה. דער שרייבער פון בריוו איז א חסידישער ייד און ער וואלט אונדז דאנקבאר געווען ווען מיר שיקן אים א טלית. פארשטייט זיך אז מיר האבן אים גלייך געשיקט דעם טלית און דער דאנק בריוו וואס מיר האבן באקומען פון אים האט ממש גערירט דאס הארץ. ער שרייבט אונדז:

„טייערע פריינד, באקומענדיק דעם טלית האב איך פאר גרויס פרייד זיך הארציק צעוויינט, פילנדיק די געטריישאפט פון מיינע טייערע דאבזשינער ברידער וועלכע האבן אזוי שנעל געענטפערט אויף מיין בקשה. דער טלית וועט מיר דינען א טייער מלבוש ביים לעבן און כ׳וועל אויך בעטן אז מיט דעם טלית זאל איך איינגעדעקט ווערן נאך מיין פטירה. נעמענדיק דעם טלית זיך ארומהילן זינגט אין מיר מיין יידישע נשמה און איך דערמאן זיך אן דאס הארציקע פאלקס־לידל „דאס טליתל, דאס טליתל, מיין איינציקע פרייד און טרייסט". זייט געזונט און געבענטשט פאר אייער חשובער מתנה.

אייער פריינד וועלכער וועט אייך קיין מאל נישט פארגעסן

**מרדכי אליעזר טינסקי"**

א האלב יאר שפעטער נאך דעם ווי מיר האבן באקומען פון אים דעם דאנק בריוו האט אונדז זיינער א פריינד געשריבן אז אליעזר טינסקי איז געשטארבן אין פוילן און איז צו קבורה געקומען

איינגעהילט אין דעם טלית וועלכן מיר האבן אים געשיקט. אזוי ארום האבן מיר געטאן א חסד של אמת מיט א פרומען ייד, וועלכער האט נאך שווערע פיין און ליידן מצליח געווען אמווייניקסטן צו קומען צו קבר ישראל.

יעצט, ליבע פריינד, שטייען מיר קורץ פאר דער ערשיינונג פון דעם יזכור בוך. דאס בוך וועלכעס דארף דינען אלס א הייליקע מצבה פאר אונדזערע דאבזשינער קדושים. זאלן אין אים אויך דערמאנט ווערן די וויכטיקע אויפטואונגען פון אונדזערע חברים אין טשיקאגא, א גרויסער טייל פון וועלכע זענען שוין אין עולם האמת — וואס זיי האבן געשאפן און אויפגעטאן פאר די געליטענע ברידער וועלכע זענען ארויס מיטן לעבן פון דעם שוידערלעכן חורבן. און ווען מיר וועלן ביי א פארזאמלונג עפענען דעם יזכור בוך שטייענדיק מיט געבויגענע קעפ וועלן מיר מיט א טיפן טרויער פון הארצן זאגן יזכור נאך אלע אונדזערע טייערע און געטרייע עלטערן שוועסטער און ברידער ווי אויך די אלע מיליאנען יידן און אונדזערע אומשול־דיקע קינדער, די צוקונפט פון יידישן פאלק. א הייליקן קדיש נאך די אלע יידישע מארטירערס פון אלע דורות.

יתגדל ויתקדש שמיה רבא.



די משפחה לורד

שלמה אלכסנדר

# דער ערשטער פאראיין פון דאבזשינער אין אמעריקע

די היסטאריע פון דאבזשינער יידישן ישוב אין אמעריקע פאנגט זיך אן פון מאמענט ווען די ערשטע צענדליקע אימיגראנטן זענען אנגעקומען צו די ברעגן פון דער נייער וועלט בערך אין דער ערשטער העלפט פון דעם פארגאנגענעם יארהונדערט. די שוועריקייט פון פרנסה פון די יידישע מאסן אין פוילן בכלל און אין די קליינע שטעטלעך בפרט האט באוויגן פיל פון זיי, צו זוכן מעגלעכקייטן פאר זייער עקזיסטענץ איבער ווייטע ימען. שוין צו יענער צייט האט אמעריקע געשמט אלס א לאנד פון אומבאגרענעצטע מעגלעכקייטן, און אימיגראנטן פון גאר דער וועלט האבן געשטראמט אין כוואליעס פון צענדליקע טויזנטער צו דאס גאלדענע לאנד, צו זוכן און געפינען דארט א באזע פאר זייער עקזיסטענץ. זיי האבן אנגעפאנגען זייער ניי לעבן אונטער גאנץ שווערע באדינגונגען. ווער ביי פעדלעריי און ווער ביי א שווערן טאג ארבעט, פיל מאל נישט נאך די כוחות. אבער דער פארעקשנטער ווילן צו פארבלייבן אין דאס נייע לאנד און זיך שאפן אן עקזיסטענץ איז איבערגעקומען אלע שטערונגען. צום גרעסטן טייל זענען זיי פארבליבן, און אין פארלויף פון דער צייט זיך פיין אקלימאטיזירט און זיך צוגעפאסט צו די באדינגונגען פון לאנד.

ס'איז צו באצייכנען מיט א געוויסער צופרידענהייט דאס אינטימע ברידערלעכע צוזאמענהאלטונג פון די דאבזשינער אימיגראנטן־לאנדסלייט, וועלכע האבן זיך מערסטנטיילס קאנצענטרירט אין איסט סייד קווארטאל אין ניו־יורק, צו יענער צייט א זאמל פונקט פון אלע יידישע אימיגראנטן פון די מזרח אייראפעאישע לענדער בכלל. אין אט דעם קווארטאל האט זיך פארמירט דער טאג טעגלעכער לעבן פון די געציילטע דאבזשינער אימיגראנטן־לאנדסלייט צווישן

וועמען עס זענען קודם כל איינגעפאלן די מחיצות פון יחוס, שטאנד און קלאס. מיט פאראייניקטע כוחות, ווי ברידער פון איין משפחה, האבן זיי זיך פארזאמלט און אין א קאלטע ווינטער נאכט אין יאר 1870, נאך א שווערן טאג ארבעט, ביי איינעם פון זייערע חברים, ברוין, און דארט געלייגט, אין א באשיידענע פארם, דעם גרונד־שטיין פון א פאראיין וועלכע זיי האבן אנגערופן „דורש טוב דאב־זשינסק". דער פאראיין האט אנגעפאנגען זיין טעטיקייט מיט באַ־גרענעצטע מעגלעכקייטן אין דער ריכטונג פון א גמילת חסדים קאסע פאר הלוואות, הילף פאר קראנקע און זארג פאר אן ארט אויפן בית־עולם נאך הונדערט און צוואנציק יאר. מיט דער צייט און מיט דעם כסדרדיקן וווקס אין צאל פון די דאבזשינער אימיגראנטן האט דער פאראיין פארברייטערט און פארצווייגט זיין טעטיקייט, און איז אזוי ארום געווארן אן ערנסטער הילפס פאקטאר פאר נויטבאדערפטיקע נייע אימיגרנטן, און גלייכצייטיק בייגעשטייערט אנגעזעענע בייטראגן צו פארשיידענע ווילטעטיקע אינסטיטוציעס, צווישן זיי „היאס" און דער דזשאינט וועלכע האבן שוין צו יענער צייט אויסגעברייטערט זייער טעטיקייט איבער דער גאנצער יידישער וועלט — איבערהויפּט נאך דער ערשטער וועלט מלחמה — פאַר די אונטערדריקטע הילפסלאזע יידישע מאסן און זיי ממש געראַ־טעוועט פון אונטערגאנג.

די ווארעמע און הארציקע באציאונגען וועלכע האבן געהערשט צווישן די דאבזשינער יידן, און וועלכע זענען געווען א ביישפיל פאר פיל אנדערע יידישע שטעטלעך אין פוילן, האבן די אימיגראנטן אריבערגעפירט מיט זיך קיין אמעריקע, און פון זייער נייער היים האבן זיי נישט פארגעסן זייערע נויטבאדערפטיקע ברידער און פריינד אין דער אלטער היים ; אין אלע צייטן, אין פרייד און אין לייד, האבן זיי געדענקט וועגן די ארימע און אומגליקלעכע דארט און זיי געהאלפן. צווישן זייערע טאג טעגלעכע דאגות איז געווען יוי בעסער און מער קאנסטרוקטיוו צו ארגאניזירן די הילף. עס איז צו באצייכענען מיטן גרעסטן כבוד די אונערמידלעכע יארן לאנגע מי און ארבעט פון א גרופע פרייוויליקע פרויען פון דאבזשינער פאראיין צו פארווירקלעכן די גרויסע הילפס־אויפגאבע. די טעטיקס־טע פון דער גרופע זענען פרויען : רבקה אלכסנדער, גאלדפעדער, גארבער, זאקלא, פרענסיס גורסקי, און מערי ז׳ביצקי.

עס איז קיין סוד נישט אז די נויטבאדערפטיקע משפחות אין

שטעטל האבן געזען א רעטונגס ברעט פון א טרינקענדער שיף אין זייערע אמעריקאנער פריינד וועלכע האבן צו אלע צייטן ארויסגעוויזן בייזנקשאפט און מיטגעפיל פאר זייערע אונפארגעסלעכע ברידער און פריינד אין דער אלטער היים. עס איז איבעריק צו באצייכענען פאקטן פון געפילפולער באציאונג און ווילטעטיקע מעשים פון איינצעלנע חברים לטובת פארשיידענע משפחות אין שטעטל. ווערענד דער פאראיין האט געזארגט אין זייער הילף פארן כלל נויטבאדערפטיקע האבן זיי אויך נישט פארגעסן צו אפהיטן דעם כבוד פון די משפחות און האבן איר געגעבן אין דער פארם פון „מתן בסתר״.

צענדליקע יארן זענען פאריבער אין האפנונג און בייזנקשאפט. „דור הולך ודור בא״, אבער דער פאראיין האט כסדר אנגעפירט מיט זיין הילפסטעטיקייט לטובת די נצרכים פון שטעטל. אפילו פארן צווייטן דור איז עס געווען ווי א הייליקע — כאטש נישט געשרי־בענע — צוואה. און אויך זיי האבן זייער חוב דערפילט מיט כבוד. אין די קריטישסטע מאמענטן, ווען דאס שטעטל איז געווען באדראט פון הונגער צוליב די פוילישע אנטיסעמיטישע און חוליגאנישע באנדעס וועלכע האבן געווילדעוועט אין שטעטל און פארשטאפט פאר די יידן אויך די לעצטע קוואלן פון זייער שווערער און בי־טערער פרנסה און אזוי ארום זענען צענדליקע משפחות געבליבן ממש אן ברויט — אין יענעם קריטישן מאמענט איז אנגעקומען זייער הילף און אויסגעמיטן הונגער פון זייערע אייגענע.

דער טרויעריקער גורל וואס האט געטראפן דעם פוילישן יידנטום בכלל האט אויך נישט אויסגעמיטן אונדזער שטעטל. די צווייטע וועלט מלחמה האט באצייכנט דעם סוף פון דער היס־טאריע פון דאבזשין, וועלכע האט זיך געצויגן הונדערטער יארן.

ווען עס זענען צו אונדז דערגאנגען די ערשטע ידיעות פון דעם גרויזאמען אומגליק, האבן מיר נאך געצווייפלט און געדיינקט אז אפשר זענען די ידיעות איבערטריבן. אבער באלד איז אונדז קלאר געווארן די ווירקלעכקייט פון דער שרעקלעכער קאטאסטראפע. דאס איז געווען דער חורבן און אונטערגאנג פון פוילישן יידנטום, און די מוראדיקע פארלוסטן פון אונדזער ארימען פאלק וועלכער איז כמעט טאטאל פארניכטעט געווארן אין פוילן האבן מיר דערזען אין פול ערשט נאך דער מלחמה. באקומענדיק די ערשטע ידיעות פון דאבזשינער פליטים אין פארשיידענע לענדער אין אייראפע האט דער פאראיין פון די לאנדסלייט אין ניו־יארק גלייך אונטער־

גענומען א גרויסע הילפס־אקציע: ער האט זיך פארבונדן מיט די געציילטע געראטעוועטע פליטים און געשיקט הילף, געלט, שפייז, שיך און קליידער.

נאך א געוויסער צייט ווען דער גרעסטער טייל פון די פליטים האבן זיך קאנצענטרירט אין ישראל און דער דראנג פאר קאנ־סטרוקטיווע הלוואות איז געשטיגן פון טאג צו טאג, האט אונדזער פאראיין פארשטארקט די געלט זענדונגען צו שאפן א פאסענדן פאנד פאר דעם וויכטיקן צוועק. דער קאמיטעט אין ישראל שטייט אין ענגער פארבינדונג מיט די אמעריקאנער חברים, און שיקט באריכטן פון צייט צו צייט.

אונדזער הויפט ציל אין יעצטיקן מאמענט איז צו פארשנעלן די ערשיינונג פון יזכור בוך ע״ש קדושי דאבזשין־גאלוב. א הייליקער אנדיינק צו אונדזערע קדושים.



יצחק יעקב שמיגא,
זיין פרוי און אייניקל



ברידער זאקליקאווסקי
די קינדער פון בעריש זאקליקאווסקי

**מיכאל כהן**

# זכרונות פון די מלחמה יארן

לאנגע יארן האבן מיר געוווינט אין דאבזשין, דארט ווו איך בין געבוירן און ערצויגן געווארן ביז צום צווייטן צענדליק יאר פון מיין לעבן. צוליב געוויסע סיבות האבן מיר אין יאר 1929 פארלאזן דאס שטעטל און מיין פאמיליע האט זיך באזעצט אין זגיערזש, אן אינדוסטריעל שטעטל נישט ווייט פון לאדזש, אבער נאך לאנגע יארן האבן מיר אנגעהאלטן די פארבינדונג מיט דאבזשין, מיט אונדזערע פריינט און באקאנטע, און ווען איינער פון זיי האט באזוכט לאדזש איז ער אויך פיל מאל געווען א גאסט ביי אונדז.

איך דערמאן זיך אן א צופאל וואס איז געשען מיט דוד פיעניק, ווען ער איז געפארן קיין לאדזש אין א לאסט אויטא געלאדן מיט קעסטלעך אייער און פוטער צו א גרויסן הורט סוחר, אין די באגלייטונג פון יעקב יחיאל בילאווסקי יבל״ח. עטלעכע קילאמעטער פאר לאדזש האט זיך דער אויטא איבערגעקערט. בילאווסקי האט זיך ווי ס׳איז ארויסגעדרייט אן וווּנדן אבער פיעניק איז שטארק פארוווּנדעט געווארן און איז געבליבן אין פעלד מיט די סחורה וועלכע איז אויך געניזוקט געווארן. זייענדיק נישט ווייט פון זגיערזש איז ביעלאווסקי געלאפן צו אונדז. דערהערנדיק וואס עס איז געשען האב איך גלייך גענומען א מאשין און 2 ארבעטער און ארויסגעפארן צום אנגעוויזענעם פלאץ. צום ערשטן האב איך פיעניקן צוגעפירט צו אונדז א היים, באשטעלט א דאקטאר און אים געגעבן די ערשטע מעדיצינישע הילף. נאך דעם בין איך גלייך צוריקגעפארן, צונויפגענומען די סחורה וועלכע איז נישט געווען אין גוטן צושטאנד — און אוועקגעפירט צום סוחר, קיין לאדזש. דוד פיעניק איז פארבליבן ביי אונדז עטלעכע טעג. און ווען ער האט זיך אנגעהויבן פילן בעסער איז ער אוועק א היים קיין דאבזשין.



אין יאר 1932 האט מיין עלטערער ברודער עוזר בער ז״ל פארלאזן פוילן אויפן וועג קיין ישראל, ביי עליה ב, ארגאניזירט פון ארגון בית״ר. זיין ערשטער אויפהאלט אין לאנד איז געווען

פתח־תקוה ווּ ער איז אויך פארבליבן. ער איז געווען אן איבער־געגעבענער חבר, אויך אין אונטערגרונד. צו יעדער צייט איז ער געווען גרייט ווּעמען א טובה טאן, און אלס אזעלכן האבן אים די חברים געקענט. ליידער האט ער פארלארן זיין יונג לעבן אין א טראַגישן צופאל: פארנדיק אויף אופניים צו זיין אַרבעט האט ער זיך אנגעשטויסן אן א לאסט אויטא און איז דערהרגעט געווארן אויפן פלאץ. ער איז אלט געווען נאר 26 יאר.

פון דעם מאמענט וואס די טרויעריקע ידיעה האט אונדז דער־גרייכט, האט זיך אנגעהויבן פארמירן דער געדאנק ביי מיינע עלטע־רן, צו בויען אונדזער היים אין ישראל און רעאליזירן דעם פלאן וועלכן מיין ברודער עוזר ז״ל האט געווידמעט פיל צייט און דענקען גלייך נאך זיין קומען אין לאנד, אבער ליידער נישט זוכה געווען אים צו פארווירקלעכן. מיינע עלטערן האבן געמאכט אנשטרענגונגען אין פארשיידענע ריכטונגען צו באקומען א סערטיפיקאט וואס איז דאן געווען נישט פון די לייכטע זאכן. דאס האט אבער נישט געשטערט מיין שוועסטער חוה צו אנשליסן זיך אן דער אומלעגאלער עליה און אזוי ארום איז זי אין 1935 אנגעקומען קיין ישראל. אבער מיינע עלטערן האבן פארמעלע שוועריקייטן און אנדערע און אויך די געשעענישן פון 1936 אין ישראל געשטערט צו פארווירקלעכן זייער לעבנס חלום, און צום סוף זענען זיי אומגעקומען אין דער שואה צוזאמען מיט אונדזער יינגסטע שוועסטער, איטע.

פרטים וועגן מיינע עלטערן און שוועסטער, איז מיר נישט געלונגען צו באקומען, איך האב זיך נאר דערוווּסט אז זיי זענען פון ווארשעווער געטא דעפארטירט געווארן אין א פארניכטונגס לאגער.

איך בין מאבליזירט געווארן עטלעכע טעג פארן קריג. מיר האבן זיך געפונען נישט ווייט פון לאדזש ווען די דייטשע לופטוואפע האט אומאויפהערלעך באמבארדירט די שטאט מארדענדיק דערביי הונדערטער אומשולדיקע מענטשן הויפטזעכליך נאענט צו די סטראַ־טעגישע פונקטן, דעם ארט פון וועלכע די דייטשן האבן גענוי געוווּסט אַ דאנק דעם פארראט פון די דייטשן, נאציס, פון לאדזש. מיר זענען געלאפן אין דער ריכטונג פון ווארשע און אויפן וועג האבן מיר געזען די ברענענדיקע שטעטלעך און דערפער. די באפעלקערונג איז געלאפן נישט ווייסנדיק וווּהין. אין דעם גרויסן טומל פון פייער און פלאם זענען מיר אנגעקומען קיין ווארשע־פראגא, און דא האט מען אונדז

צייטווייליק איינקוואַרטירט אין פּריוואַטע הייזער. דאַ האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז עס איז ראש־השנה. מידע און פאַרשטויבטע זענען מיר אַרויס אין גאַס ווו מיר האָבן געזען יידן אין יום־טובדיקע קליידער שטראָמען אין די הונדערטער אין די שוהלן. און אויך אין פּריוואַטע שטובן. מיר — איך און נאָך אַ יידישער סאָלדאַט — זענען גראָדע אַריין אין אַ פּריוואַט וווינונג ווו עס האָבן זיך צונויפ־געקליבן אַ פּאָר צענדליק יידן צו דאַווענען. דערזעענדיק אונדז האָבן זיי זיך צום אָנהויב ערנסט דערשראָקן, אָבער אַזוי שנעל ווי זיי האָבן געהערט אַז אונדזער פאַרלאַנג איז תפילה בציבור האָבן זיי זיך באַרואיקט. דאָס דערנענטערן זיך פון חורבן האָט זיך געלאָזט פילן פון די יאָמערדיקע געוויינען ביים דאַווענען.

אַרויסגייענדיק פון דער תפילה האָבן מיר געזען אַ ריזן רייע פון מענטשן שטייען ביי אַ בעקעריי און וואַרטן אויף ברויט. פּלוצ־לונג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ דייטשער מעסערשמיד און אין גע־ציילטע סעקונדן זענען די העלפט פון זיי געפאַלן, פאַרבנדיק די גאַס מיט זייער בלוט, יום כיפור איז יענעם יאָר אויסגעפאַלן שבת, און מיר האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין שוץ גראָבנס נישט ווייט פון וואַרשע. די אומאויפהערלעכע באָמבאַרדירונג האָט אונדז ממש פאַרטויבט, און מיר האָבן געוווּסט אַז די טעג פון וואַרשע זענען געציילטע. דינסטיק האָט זיך וואַרשע אונטערגעגעבן און די דייטשן האָבן פריי אַריינמאַרשירט ביי די ליכט פון פלאַם און פייער וועלכע האָט אַרומגענומען כמעט גאַנץ וואַרשע. נאָכן פאַלן פון וואַרשע האָט מען אונדזער קאָמפּאַניע איבערגעשיקט קיין סקערניעוויץ. בסך הכל זענען מיר געווען צוויי יידן און דער פחד איז געווען גרויס אַז די דייטשן זאָלן זיך דעם סוד נישט דערוויסן, נאָך דעם ווי מיר זענען שוין געווען אין דייטשער געפאַנגענשאַפט.

איין טאָג האָט מען אונדז געפירט צום באַנהויף כדי אַריבער־צופירן אונדז קיין דייטשלאַנד, אָבער די וואַגאָנען זענען נישט אָנגע־קומען און מען האָט אונדז געפירט צוריק. אויפן וועג צוריק האָבן מיר געזען ווי אַ דייטשער זשאַנדאַרם פייניקט אַכזריותדיק אַן אומבאַהאָלפענעם פרומען ייד אָנגעטאָן אין אַ קאַפּאָטע.

מיט אַ קאָמבינאַציע איז מיר געלונגען צו באַקומען אַ פּאַס און אַזוי האָב איך זיך דערשלאָגן קיין זגיערזש. ווען איך בין אָנגע־קומען אַהין האָב איך זיך דערוווּסט אַז מיינע עלטערן זענען אויס־באַהאַלטן ביי אַ משפחה און בין גלייך אַוועק צו זיי. איך בין נישט



הירש ארנוב
א אייניקל פון ר׳ זלמן חסיד

אימשטאנד איבערצוגעבן די ערשי־טערונג וועלכע האט פארכאפט מיך און מיינע עלטערן אין דער קור־צער באגעגעניש. שטיל, טרויעריק און מיט א טיפן געוויין אין הארצן האב איך זיך געמוזט שיידן פון זיי, ווען איך האב זיך פארגע־שטעלט דעם גורל וואס ערווארט זיי גלייך ווי מיר. נאך א שווערע סכנהדיקע נסיעה בין איך אנגע־קומען קיין ביאליסטאק. איך האב זיך גלייך פארשריבן אויף אר־בעט ביי די רוסן און האב גע־גלויבט אזוי ארום וועל איך זיך צייטוויייליק דורכלעבן, אבער שוין דעמאלט האבן די רוסן אין ביאליסטאק דורכגעפירט מאסן ארעסטן צווישן די יידישע פליטים און זיי פארשיקט אויף ארבעט אין טיף רוסלאנד. וויפל איך האב זיך נישט אויסבאהאלטן אום אויסצומיידן דעם ארעסט, האב איך דאך, צום סוף, געמוזט משלים זיין, און בין אריין צווישן די גרויסע מאסן פון פארשיקטע. נאך א לאנגע רייזע זענען מיר אנגעקומען אין רוסלאנד. אין דער שטאט ארשא. די נקוו״ד האט זיך מיט אונדז גלייך פארנומען, געזוכט אונטער יעדן קנעפל, אראפגעריסן די זוילן פון די שיך, און נאך דעם, אונטער א שווערע וואך, אין דער באגלייטונג פון גרויסע הינט, אונדז קווארטירט אין א גרויסער טיורמע. דארט זענען מיר געווען בערך 150 מענטשן אין א צימער און עס איז פשוט נישט געווען ווו דעם קאפ אוועקצולייגן, שוין אפגערעט פון סאניטארע באדינגונגען וועלכע זענען געווען אונטער יעדן מענטשלעכן באגריף.

נאך א שטיקל צייט האט מען אונדז אריבערגעפירט אין א לאגער אין פינסקי זאליוו ביים ים, נישט ווייט פון דער פינישער גרענעץ. דארטן האב איך זיך געטראפן מיט כתריאל אייזיק, און די פרייד איז געווען גרויס.

ער האט מיר גלייך דערציילט וועגן די באדינגונגען אויפן

פלאץ, און דער עיקר די ברויט פארציע — וואס איז געווען דער הויפט פראבלעם פון אלע פליטים אין רוסלאנד.

כתריאל פלעגט באקומען פעקלעך שפייז פון זיין ברודער יהודה וועלכער איז נאך געווען אין ביאליסטאק. אבער אזוי שנעל ווי ער האט עס באקומען האט מען עס ביי אים צוגענומען. דאס איז געווען די ארבעט פון א באנדע אונטערוועלט חברה וועלכע זענען געווען אין לאגער. נאך דעם ווי איך האב אינטערווענירט ביים הערשט פון דער באנדע, האט מען אויפגעהערט גנבענען.

בכלל איז כתריאל געווען זייער אפאטיש צום לעבן זעענדיק אז די צרות דערנענטערן דעם טויט.

איין טאג, גאנץ אונערווארטעט, בין איך פארשיקט געווארן מיט א גרופע אין ווייטן צפון. דא האט זיך אנגעפאנגען א נייע לעבן, ביי 40 גראד פראסט. פיל פון אונדז האבן אפגעפרוירן זייערע נעזער אדער אויערן. דער רוסישער מנהל עבודה האט אונדז פארזיכערט אז מען וועט מיט אונדז דא ענדיקן אזוי ווי די אראבער האבן געמאכט מיט די יידן אין א״י אין 1929. דאס איז געווען אין די טעג ווען די היטלער ארמיי האט זיך דערנענטערט צו מאסקווע. מיר האבן אריינגעגעבן אן אנקלאגע צום נאטשאלניק און געבעטן אן אויס־פארשונג. דער מנהל העבודה איז פארשוואונדן און זייט דאן האבן מיר אים נישט געזען. שפעטער האט זיך ארויסגעוויזן אז מ׳האט אים אריבערגעפירט אין אן אנדער לאגער ווו ער האט באקומען א העכערן פאסטן.

איין טאג, קורץ פאר דער באפרייאונג, ווען מיר האבן זיך אומגעקערט פון דער ארבעט אין וואלד, איז איינער פון אונדזערע חברים צוריקגעבליבן, ער האט געקליבן א ביסל יאגדעס צו שטילן דעם הונגער. דער סאלדאט וועלכער האט אונדז באגלייט האט אנגעשטעלט דעם ביקס קעגן אים און אים דערשאסן צום טויט אויפן ארט. מיר האבן געשריען און געוויינט, אלס פראטעסט האבן מיר צוריסן די ברויט קארטן, און געפאדערט אן אויספאר־שונג. באלד איז אנגעקומען א רייטענדער אפיצער מיט עטלעכע סאלדאטן און אונדז ארומגערינגלט. דאן האט דער סאלדאט געזאגט אז דער ארבעטער האט געוואלט אנטלויפן און דערפאר האט ער אים דערשאסן. דער אפיצער האט זיין ערקלערונג אנגענומען, און אונדז געמאלדן, אז אויב מיר וועלן זיך באלד נישט שטעלן אין איינגעארדענטע שורות וועט ער יעדן צווייטן פון אונדז דערשיסן.

פארשטייט זיך אז מיר האבן זיין באפעל אויסגעפילט, און דער אפיצער, האט אונדז, ברוב חסדו, געגעבן דאס שטיקל ברויט אן די קארטע.

נאך דער באפרייאונג, ווען מיר זענען שוין געווען אויפן וועג צוריק קיין פוילן האבן מיר זיך געטראפן מיט פיל רוסישע יידן, און אזוי ארום געהאט די געלעגנהייט זיך איבערצייגן אין וואס פאר א פינצטערע באדינגונגען די מענטשן לעבן, נישט וויסנדיק אפילו דאס מינדעסטע וועגן דעם לעבן פון יידן אין גאר דער וועלט. חול המועד פסח זענען מיר אנגעקומען קיין ווארשע. אויפן וואקזאל האבן אונדז ערווארט פארשטייער פון דער יידישער קהילה און צווישן זיי האב איך געפונען א באקאנטן פון מיינע עלטערן. ער האט מיר געוואלט העלפן איינארדנען זיך אין ווארשע אבער מיין ציל איז געווען ישראל. איך האב אויסגענוצט דאס ביסל פרייע צייט וואס איז מיר געבליבן ביזן פארן און געכאפט א שפאציר ווו עס איז אמאל געווען דאס יידישע ווארשע, אבער ליידער האב איך דארט מער ווי גרוזעס און פארברענטע מויערן נישט געזען.

מיטן ערשטן צוג בין איך אוועקגעפארן קיין קוטנא. אויף א באזוך צו די ברידער כתריאל און אהרן אייזיק. דא האב איך געלאזן מיין פרוי און קינד און געפארן קיין זגיערזש מיט דער האפ־נונג צו דערוויסן זיך עפעס וועגן מיין משפחה. דאס הויז האב איך געפונען רואינירט און צוריבט; איך האב געוואלט אריינקוקן אין די מיל, אפשר וועל איך דא וועמען טרעפן, אבער ביים ארייג־גאנג איז געשטאנען א פוילישער ארבעטער וועלכער האט מיר פשוט ערקלערט: „דו האסט דא נישט וואס צו זוכן". דאס איז געווען מיין באגריסונג אין באפרייטן פוילן.

קורץ נאך דעם האב איך זיך אנגעשלאסן אן די „בריחה". אנגעקומען קיין דייטשלאנד, האב איך דארט געטראפן יהושע גאלד־בערג און זיין פרוי. און צוזאמען מיט אים אפגעזוכט זיין שוועסטער ברכה אין בערגן בעלזן.

צעבראכענע קערפערליך און גייסטיק זענען מיר אנגעקומען קיין ישראל, און אויפסניי אנגעפאנגען בויען אונדזער היים. נאכן גרויסן חורבן אין אייראפע איז דאס אונדזער איינציקער טרייסט צו לעבן זעלבסטשטענדיק אין אונדזער אייגענער מדינה.

**פרוי דיגאלא**

# די צוואנציק געהאנגענע

געווען איז דאס אין חודש אוגוסט 1942 אין געטא טשענס־טאכאוו, ווען פלוצלינג, גאנץ אונערוואַרטעט, האבן זיך אריינגע־ריסן עטלעכע צענדליק זשאנדארמען. ס'איז געווארן א שרעקלעכע מהומה. נאך עטלעכע מינוט האבן זיי ארויסגעפירט פון געטא 20 מענער, אריינגעפירט זיי אין א קעלער נעבן געטא און ארומגע־רינגלט מיט פאליציי. דריי וואכן האט מען זיי געהאלטן אין קעלער אין בארבארישע באדינגונגען. כמעט נישט געגעבן זיי עסן. ווען מיר האבן זיי אמאל געזען האט מען זיי נישט געקענט דערקענען, אויס־געדארטע, בלאסע, און גלייכגילטיק צו אלעם, ווייל זיי האבן געוווסט וואס עס ערווארט זיי. עטלעכע טעג שפעטער איז אנגעקומען אין דער מחנה אן אויטא מיט א באנדע געסטאפא־לייט מיט פארטיקע צוגעגרייטע תליות פאר די צוואנציק ארעסטירטע. די גאנצע מחנה מענער, פרויען און קינדער זענען אויפגעפאדערט געווארן צו פאר־זאמלען זיך אויפן הויף ווו די עקזעקוציע דארף פארקומען. די מענער האבן באקומען א באפעל צו אויסגראבן א לאנגע גרוב. און צו דעם אלעם האבן זיך צוגעקוקט די צוואנציק מענער פאר וועמען די תליה איז צוגעגרייט געווארן. דער באפעל איז אויך געווען נישט שרייען אדער וויינען און ווען מען האט זיי געפירט צו דער תליה האט געהערשט א טויטע שטילקייט. מענטשן האבן געשטיקט די טרערן אין זיך, ווייל די פאליציי האט זיך אויסגעמישט מיט די געטא איינוווינער, און זענען געשטאנען מיט אויסגעשטעקטע ביקסן, גרייט צו דערשיסן יעדן וועלכער וועט וואגן עפנען דעם מויל. 8 שעה זענען זיי געהאנגען אין דער גרעסטער היץ ביז ס'האט זיך אנגעהויבן פילן א שלעכטער ריח. ערשט דאן איז געקומען א באפעל זיי פון די תליות אראפנעמען. איינציקווייז האט מען זיי צו דער גרויסער גרוב צוגעפירט און אלע זענען זיי אין א שותפותדיקער גרוב באַ־גראבן געווארן. נאך דעם ווי די נאצישע חיה האט זיך דעם דורשט געלאשן מיט דעם בלוט פון די צוואנציק געהאנגענע האט פאר א געוויסע צייט געהערשט א שטילקייט אין דער מחנה.

יהושע גאלדבערג

# אין די פארוואגלטע וועגן

אין דאבזשין, מיין געבורטשטאט ביי דעם טייך דרעווענץ, אויפן בארימטן מארק פלאץ איז געשטאנען דורות לאנג אונדזער קליין הייזל. דארט האט מיין פאמיליע געוווינט און אויך געארבעט אין אונדזער געשעפט און זייגער רעפאראטור. דאס איז געווען אן אדרעס פאר הונדערטער דאבזשינער משפחות ווען דער זייגער האט זיי נישט ריכטיק געדינט, ווייל אין שטעטל האט מען געוווּסט אז ווען שמואליק זייגערמאכער רעפארירט, איז עס גאראנטירט פאר א צייט, און אזוי איז עס באמת געווען.

נישט ווייט פון אונדז איז געווען דער באוווּסטער דורכגאנג צו דער לאנגער גאס — דאס האט מען גערופן די „ליק" — וועלכער האט פארקירצט דעם וועג פון דער לאנגער גאס צום מארק, און אזוי אויך צוריק. מענטשן פלעגן אויסמיידן דעם דורכגאנג צוליב די שלעכטע ריחות וועלכע האבן זיך געטראגן פון היינטער די „ליק", ריחות וואס די דורכגייערס אליין זענען געווען דער הויפט גורם צו זיי. אבער דאס האט נישט פיל געשטערט, און אזוי האבן די מענטשן זיך באנוצט מיט דער „ליק" פון זון אויפ־גאנג ביז שפעט ביינאכט.

איינע פון די חשובסטע אביעקטן וואס דאס שטעטל האט פארמאגט איז געווען דער טייך דערעווענץ וועלכער האט פאנאנ־דערגעטיילט צוויי מדינות, רוסלאנד פון איין זייט און דייטשלאנד פון דער צווייטער. ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה האבן הונדערטער פאמיליעס אין שטעטל געשעפט זייער פרנסה פון די ברעגן פון טייך. טויזנטער בחורים פון פארשיידענע געגענטן פון פוילן וועלכע זענען געווען מיליטער פליכטיג און עס האבן זיי נישט געדייצט די רוסישע מיליטערישע מונדירן, האבן בייצייטנס געפונען זייער וועג קיין דאבזשין, און אחינו בני ישראל, ספעציא־ליסטן אין פאך, האבן שוין געזארגט נישט נאר צו איבערטראנס־פארטירן זיי קיין גאלוב, נאר פיל מאל אויך ביז צום גאלדענעם לאנד. אן ענלעכע באוועגונג איז אנגעגאנגען איבערן שמאלן טייכל און צענדליקע לאדקעס (שיפלעך) געלאדנט מיט דייטשע סחורות צו די ברעגן פון דאבזשין, וועלכע איז פון דארט ווייטער טראנס־

פארטירט געווארן צו פארשיידענע שטעט און שטעטלעך אין פוילן.



לינקס: ישראל שיינבארט, דער דאבזשינער מקוהניק

עס איז ווערט צו פארצייכענען אז די רוסישע אפיצערן פון דער גרע־נעץ וואך האבן צו דעם עסק כלל נישט דערלייגט, און יידן אין דאב־זשין האבן געהאט דערפון פרנסה בשפע. דער טייך איז אויך געווען פאר די דאבזשינער באפעלקערונג א מין פארוויילונגס פלאץ זומער און אויך ווינטער. זומערצייט זענען, איבערהויפט די יוגנט, אוועק צו דער ברעגן פון דער דרעווענץ ווו אין געוויסע פלעצער איז זי געווען פאר־וואקסן מיט בוימלעך און דארטן שעהן לאנג פארבראכט, געלעזן רואיק א בוך אדער געפירט א געשפרעך מיט חברים, און דערביי טועם געווען פון די גוטע געשמאקע דעלי־קאטעסן וועלכע מען האט מיטגענומען פון דער היים.

אין די הייסע זומערטעג פלעגן זיך אין שאטן פון די געדיכטע וועלדלעך קאנצענטרירן פיל גרופן פון די יוגנט, און ווינטער פלעגט מען זיי זען זיך גליטשן אויף דעם פארפרוירענעם טייך. גרופענווייז פלעגן זיי אוועקגיין מיט די אייזערנע גליטשערס פיל קילאמעטערס לענגאויס דעם טייך. יאר איין יאר אויס האט זיך איבערגעחזרט דער זעלבער ספארט. און ס'איז כמעט נישט געווען ווער פון די יוגנט אין דאבזשין וואס האט נישט געקענט זיך גליטשען, אדער שווימען.

אפט פלעגן מיר באזוכן דעם בארימטן שלאס וועלכער איז געשטאנען אויף א הויכן בארג אין דאס שכנותדיקע שטעטל גאלוב, און זיך ארויסגעזען פון דערווייטנס. דארט איז געווען א מוזעאום מיט פיל אלטערטימלעכע אנטיקן פון הונדערטער יארן צוריק. פון יעדן באזוך האבן מיר עפעס געלערנט פון די אנטיקן וואס האבן זיך דארט געפונען, וואס יעדער פון זיי האט געהאט א געוויסע באדיי־טונג. דער קאנטראסט צווישן די צוויי שטעטלעך, דאבזשין און גאלוב, איז געווען א באדייטענדער. דער עיקר האט עס זיך געלאזט

באמערקן אין געזעלשאפטלעכן לעבן: אין דאבזשין האבן עקזיסטירט ציוניסטישע און סאצאליסטישע פארטייען, ספארט פאראיינען און פארשיידענע יוגנט קלובן, ווערענד גאלוב איז געווען אינגאנצן אן וועלכע ס'איז פארטיי, און נישט דערפאר ווייל דאס איז געווען א קלענער שטעטל פון דאבזשין, נאר פשוט, די דייטשע יידן אין גאלוב האבן אין דעם קיין אינטערעס נישט געהאט. זיי האט אינ־טערעסירט משפחה, געשעפט, און פארווײלונגען דעריבער איז די שמחה צווישן די גאלובער און דאבזשינער יידן געווען זייער א באַ־שיידענע, די דאבזשינער יוגנט האט געלעבט אין אירע דלת אמות און קיינמאל נישט געזוכט דעם וועג צו דער דייטשער יוגנט טראָץ זייער רייכע קולטור.

די ביבליאטעק מיט איר שיינעם לעזע זאל, דער ציוניסטישער קלוב „התחיה", טעאטער פארשטעלונגען האבן די יידן פון גאלוב כמעט קיינמאל נישט באזוכט. אפילו רעפעראטן פון צוגערייזטע באוווּסטע רעדנער אויף פארשידשיידענע טעמען האבן נישט אינטערע־סירט די גאלובער יידן. ערשט אין 1918 נאכדעם ווי פוילן האט באקומען איר זעלבסטשטענדיקייט און פאמאזשע איז געווארן א טייל פון פוילן, ערשט דאן האבן די גאלובער יידן זיך דערנענטערט צו די אסט יידן. פיל געהאלפן דערצו האט דער גאלובער אפטייקער ד"ר ריזענפעלד וועלכער איז אויך געווען אן איבערגעגעבענער ציו־ניסט. אבער דער גרעסטער טייל פון די גאלובער יידן זענען איבער־געגאנגען קיין דייטשלאנד.

דעם ערשטן ביטערן טעם וועלכע דיביידע שטעטלעך האבן צוגלייך געפילט איז געווען בשעת די באלשעוויסטישע אינוואזיע פון פוילן אין יאר 1920. די רוסישע סאלדאטן האבן פיזיש נישט טע־ראריזירט די באפעלקערונג פון דאבזשין־גאלוב, אבער עקאנאמיש האבן זיי פאראַרימט דעם ארטיקן מסחר, ווייל זיי האבן צוגע־נומען ביי די סוחרים די בעסטע סחורות פאר רובלס וועלכע האבן שוין דעמאלט קיין שום עפעקטיוון ווערט נישט געהאט.

אין די שפעטיקע צוואנציקער יארן, ווען דער עקאנאמישער מצב אין דאבזשין האט זיך פארערגערט האבן זיך עטלעכע משפחות פון דאבזשין איבערגעקליבן קיין פאמאזשע ווו די סימפאטיע צו יידן מצד די פוילישע באפעלקערונג איז נישט געווען קיין צופרידנ־שטעלנדע, אבער עקאנאמיש איז דארט די לאגע געווען פיל בעסער. מיר זענען געווען איינע פון די משפחות וועלכע האבן יארן לאנג

געוווינט אין חעלמזשא, פאמאזשע, נישט געלעקט קיין האניק פון די ארטיקע פוילישע באפעלקערונג אבער אזוי האבן מיר זיך דורכ־געלעבט ביז קורץ פאר דער מלחמה. זעענדיק וואס עס קומט פאר האבן מיר פארשטאנען אז וואס פריער מיר וועלן פארלאזן חעלמזשא, וועט אונדז בעסער זיין. אזוי זענען מיר אוועק צוריק קיין דאבזשין. נאך עטלעכע טעג פארן אויסברוך פון דער מלחמה, ווי געוויינלעך אין אזעלכע מאמענטן, האב איך זיך דערמאנט אן מיין ברודער מרדכי ז״ל וועלכן מיר האבן באגלייט צוזאמען מיט א קבוצה פון חלוצים פון דאבזשין קיין ישראל אין אנפאנג פון די צוואנציקער יארן, און במשך פון דער גאנצער צייט איז געווען אונדזער חלום זיך מיט אים פאראייניקן. אפילו נאך זיין פטירה אין אנפאנג פון די דרייסיקער יארן האבן מיר אונדזער שטרעבונג קיין ארץ ישראל נישט אויפגעגעבן. אבער די פארמעלע שוועריקייטן האבן אונדזער חלום צונישט געמאכט, און צוזאמען מיט צענדליקע טויזנטע פליטים האבן מיר אויך פארזוכט דעם פינצטערן גלות רוסלאנד, אין אלע אירע ריכטונגען.

על פי נס זענען מיר געבליבן לעבן און סוף כל סוף אנגעקומען קיין ארץ ישראל. דא האבן מיר אויפגעשטעלט א משפחה, אנגע־פאנגען א ניי לעבן, לאזנדיק הינטער זיך די גרויזאמע מלחמה פאר־גאנגענהייט. זאלן די דאזיקע שורות מיינע, דינען אלס אן אייביקע מצבה אין אנדיינק פון מיינע טייערע און געטרייע אומגעקומענע.

**גבריאל קאטשער**

# פיין אוןליידן פון א משפחה

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה בין איך צוזאמען מיט מיין שוועסטער, שוואגער און זייערע פינף קליינע קינדער געווען — אין פוילישן פארט גדיניע. ווען די דייטשן האבן אנגעפאנגען באמבארדירן די שטאט און צענדליקע מענטשן זענען דערהרגעט געווארן האב איך פארשטאנען אז מיר דארפן זוכן א וועג צו אנטלויפן. צום ערשטן האב איך געזארגט פאר מיין שוועסטער, שוואגער און די קינדער ווי אזוי זיי ארויסראטעווען פון גדיניע. דער ציל איז געווען ארי־בערצופירן זיי צוריק אין זייער געבורטסשטאט, קיין דאבזשין. די באנען זענען געווען געפאקט און עס איז געווען כמעט אוממעגלעך צו באקומען אין זיי א פלאץ. איך האב אנגעפאנגען מיטן אוועקפירן די נויטיקסטע איינגעפאקטע זאכן צו די באן סטציע. נאך דעם זענען מיר אלע צוזאמען געלאפן צו דער סטאציע און דארט געווארט אויף דער באן וועלכע האט געדארפט אפפארן א שעה שפעטער. עס איז אוממעגלעך זיך פארשטעלן דעם געדראנג פון דריי מאל אזויפיל מענטשן ווי די באן איז געווען אימשטאנד צו אריינגעמען. די געשרייען און געוואלדן פון פרויען און קינדער האבן פארהילכט די לופט, טויזנטער מענטשן האבן זיך געשטופט, אן קיין ארדנונג, כדי צו באקומען א פלאץ אין באן, און פיל זענען ממש צעטראטן געווארן מיט די פיס. יעדער האט געוואלט וואס גיכער פארלאזן די שטאט וועלכע איז געווען אן אביעקט פון באמבארדירונג, כאטש די סכנה האט געלויערט אין יעדן ווינקל אין פוילן. ביז היינטיקן טאג ווייס איך נישט פון וואנען עס האט זיך צו מיר גענומען דער כוח אריינצודרינגען זיי אין דער באן, צום ערשטן די שוועסטער מיטן שוואגער און דערנאך — דורך א פענצטער — די קינדער.

נאך דעם ווי די באן האט זיך גערירט פון פלאץ בין איך אוועק צוריק אין מיין וווינונג און אומאויפהערלעך געזארגט וועגן זיי — צי וועלן זיי זוכה זיין אנקומען קיין דאבזשין, אבער א טאג שפעטער האב איך באקומען א ידיעה אז זיי זענען אנגעקומען בשלום. איך בין דערווייל געבליבן אין גדיניע און געטראכט וואס צו טאן ווייטער.

ווען איך האב געזען אז עס איז נישטא קיין אויסוועג האב איך זיך צוגעשטעלט צום דינסט אין דער פוילישער ארמיי, און בין גלייך אפגעשיקט געווארן צום שלאכטפעלד. נאך 19 טעג קעמפן איז מיין גאנצער פאלק געפאלן אין געפאנגענשאפט. מען האט אונדז גלייך אינטערנירט, און געשיקט צו שווערע ארבעט. איך האב מיין פאספארט פארניכטעט און זיך אנגעגעבן אלס קריסט. אין באראק בין איך געווען דער איינציקער ייד צווישן זעכציק פאליאקן. איין טאג שטייענדיק אזוי אין דרויסן גייט צו צו מיר א פאליאק און ווענדט זיך צו מיר מיט א הויכן קול: דו ביסט דאך א ייד, טא ווי קומסט דו אהער? צומארגנס האט שוין דער אויפזעער פון דער געסטאפא געוווּסט אז איך בין א ייד און גענומען מיר נאכשפירן אויף יעדן שריט און טריט. דער זעלבער פוילישער סאלדאט האט אין אנוועזנהייט פון געסטאפא מאן דערציילט אז ווען דאס דייטשע מיליטער האט ארייגמארשירט אין פוילן האבן די יידן אויף זיי געווארפן שטיינער און געגאסן אויף זיי קאכעדיקע וואסער.

צומארגנס האב איך באקומען א באפעל צו שטעלן זיך פארן קאמענדאנט. ווען איך בין צו אים אריינגעקומען — ער איז געווען אן עלטערער אפיצער, א סאלדאט נאך פון דער ערשטער וועלט מלחמה — האט ער מיך גלייך געפרעגט „ביסט דו יודע?" איך האב אים געענטפערט אז איך בין א ייד. דאן האט ער געזאגט: זע אז דו זאלסט וואס שנעלער פארשווינדן פון דאנען, און ער האט צוגעגעבן: דאס האבן דיך דיינע חברים אויסגעגעבן אז דו ביסט א ייד. איך בין אוועק צוריק אין מיין באראק און דער געדאנק אז זיי האבן אויף מיר אן אויג האט מיר געפייניגט.

פון שרעק האב איך באקומען א הויכן פיבער און אויף מארגן נישט געקענט ארויסגיין צו דער ארבעט. דער וואכמאן וועלכער האט אין דער פרי געציילט די ארבעטער און געזען אז איך פעל איז גלייך צו מיר אין באראק אריין און זעענדיק מיך אין בעט האט ער מיך געווארנט אז אויב איך וועל נישט ארויסגיין האקן האלץ וועט ער אריינשיקן די געסטאפא פאליציי און זיי וועלן מיט מיר מאכן א סוף גלייך אויפן ארט. נישט קוקנדיק אויפן הויכן פיבער און טראץ מיין אלגעמיינע שוואכקייט, האב איך זיך אויפגעהויבן און בין ארויסגעגאנגען אין הויף און אין א הויכן גראד פראסט זיך אוועקגעשטעלט האקן האלץ. עס איז ממש געווען א נס אז איך האב דאס אויסגעהאלטן.

אויסער די שווערע באדינגונגען האבן מיר נאך געליטן אין די



מרדכי ליפקא
ר' פייבישעס זון

באראקן פון וואנצן און לייז. מיר האבן ממש נישט געקענט שלאפן. דאס האט באוויגן עטלעכע געפאנגענע צו אנטלויפן. מיר האבן באמערקט ווי זיי זענען ארויס דורכן פענצטער און האבן גלייך אויפ־געוועקט דעם אויפזעער און אים וועגן דעם געמאלדן. ער האט באלד אלארמירט די געסטאפא און זיי זענען, מיט עטלעכע שפיר הינט, נאכגעאנגען די אנטלאפענע, אבער נעבן א דערבייאיקן וואלד האבן זיי די שפורן פארלוירן, זענען צוריקגעקומען און אנגעפאנגען אונדז פארשן, איבער־הויפט מיך, ווייל איך האב פארשטאנען דייטש. זיי האבן מיר געשלאגן מיט א גומענעם שטעקן און איך האב געכאפט שטארקע קלעפ. זיי האבן געפאדערט אז איך זאל זיי דערציילן דעם אמת. פארש־טייט זיך אז זיי האבן גארנישט געקענט ארויסקריגן פון מיר און צום סוף מיך באפרייט פון דער חקירה.

איך בין געווען אין דייטשלאנד א געפאנגענער צוואנג ארבעטער ביז ענדע פון דער מלחמה. ווען די באפרייאונג איז געקומען בין איך שוין געווען א קראנקער און א צובראכענער. נאך א גורצע אויספארשונג האב איך זיך דערוווסט אז פון מיין גאנצער משפחה בין נאר איך אליין געבליבן. מיין עלטערער ברודער, זלמן ברוך, זיין פרוי צירל מיט פינף קינדער; דער צווייטער ברודער, אברהם ישראל, זיין פרוי מרים און פינף קינדער; מיינע צוויי שוועסטער זיסל און פערל און איר מאן, אברהם שאפראן, אויך מיט פינף קינדער, זענען אלע אומגעקומען.

נאך דעם ווי איך האב געהייראט אין דייטשלאנד אין יאר 1947 בין איך באלד אוועק קיין ישראל. דא זענען אונדז געבוירן געווארן צוויי קינדער. אין יאר 1959 האבן מיר אויסגעוואנדערט קיין אמעריקע וווּ מיר געפינען זיך ביז איצט.

יצחק ראזענוואקס ז״ל

# מיין פעקל צרות אין רוסישן מיליטער

## איך מאבליזיר זיך

איך שרייב מיינע זכרונות עטלעכע און פערציק יאר נאך מיין צוריקקומען פון רוסישן מיליטער אלס אויסגעדינטער סאלדאט אין יאר 1914. אריבער 3 יאר האב איך געדינט דעם צאר ניקאלאי דעם צווייטן. קען זיין אז באנוצענדיק זיך מיט סטאנדארטנע מיטלען צו מאכן זיך א פעלער אין א האנט אדער אין אן אנדער טייל פון קערפער וואלט איך געקענט אויסמיידן דעם מיליטערישן דינסט, אבער איך האב דאס בשום אופן נישט געוואלט טאן, צוליב פארשטענדלעכע טעמים. אויך דעזערטירן איז נישט געקומען אין באטראכט צוליב די שווערע געלט שטראף (300 רובל) וואס די רוסישע רעגירונג האט ארויפגעלייגט אויף די עלטערן פון א דעזערטיר. דעריבער איז מיין באשלוס געווען פעסט צו שטעלן זיך צום מיליטערישן דינסט און טאקע דינען. אין די קליינע שטעטלעך אין פוילן איז דאן געווען א משונהדיקער מנהג אז רעקרוטן פלעגן פאר דעם אפפאר צו זייער דינסט פלאץ הוליען א נאכט אדער צוויי און אפטאן פארשידענע קונדס שטיק אין שטעטל, ווי, למשל, צוברעכן פלויטן, אראפנעמען רעדער פן וואגנס, אד״ג. און איך האב אויך די „מצווה״ מקיים געווען...

דריי יידישע רעקרוטן זענען מיר געווען פון דאבזשין: יעקב קריסטאל, באראן און איך. מיר זענען געפארן אין א וואגן ביז אסטראלענקא און פון דארט מיט די באן קיין ווארשע. דאס איז געווען דאס ערשטע מאל וואס איך האב געזען ווארשע. אין ווארשע האב איך באזוכט מיינע באקאנטע און מיין קוזין, יוסל אטלסברג, און פון דארט ווייטער געפארן מיט דער באן אויפן וועג צו מיין דינסט פלאץ.

נאך דריי טעג זענען מיר אנגעקומען קיין טולא, ווייט הינטערן „תחום המושב״ אין יענע יארן. דארט זענען מיר ארויס אין גאס צו טרעפן זיך מיט ארטיקע יידן. פון די מודעות וועלכע מיר האבן געלעזן האבן מיר זיך דערוווסט אז יענעם אוונט קומט פאר א גרויסע

סעודה פון די חברה קדישא אין שטאט. פארשטייט זיך אז מיר זענען גלייך אוועק אהין און האבן דארט דעם אוונט נישט שלעכט פארבראכט. אויפן וועג צו דער סעודה האבן מיר אנגעטראפן פאסעק שפילערס. ישאיעוויץ פון ריפין וועלכער איז געווען מיט אונדז האט זיך פארגלוסט מיטשפילן און אזוי האט ער אין עטלעכע מינוט פארלוירן אדער פארשפילט די צען רובל וואס ער האט געהאט מיט זיך. דער מענטש איז נאך דער מעשה געווען אינגאנצן צוטומלט, אבער מיר האבן אים בארואיקט, און געזאגט אז מיר וועלן זארגן דערפאר אז ער זאל די געלט צוריק קריגן. אויף דער סעודה האט מען אונדז מכבד געווען פון אלעם גוטן. מיר האבן זיי דערציילט דעם פאל מיט ישאיעוויצן און זיי האבן גלייך אונטערגענומען א זאמלונג צווישן די



חנה און יצחק ראזענוואקס און זייערע קינדער

אנוועזענדע און אויפגעקליבן 25 רובל. ישאיעוויץ האט זיין געלט צוריק געקראגן אבער מיט א ווארנונג נאך א מאל אזוי נישט טאן.

נאך עטלעכע טעג אין טולא זענען מיר ווייטער געפארן מיט דער באן, וועלכע האט זיך געשלעפט וואכן לאנג ביז מיר זענען אנגעקומען קיין בארנאול. מען האט אונדז צייטווייליק פארטיילט צו די ארטיקע פויערן, וועלכע האבן נישט געוווסט צו אונטערשיידן צווישן א ייד און א גוי. איך בין געראדע אריינגעפאלן צו א גוטן פויער וועלכער האט זיך צו מיר העפלעך באצויגן, אבער צוויי טעג שפעטער בין איך שוין געווען אין דער קאזארמע.

ביים פארשרייבן זיך אין פלאצק, האב איך באצייכנט מיין פאך אלס א רימער. אבער היות אויף דעם פלאץ ווו איך בין צוגעטיילט געווארן זענען נישט געווען קיין פערד האט מיך דער פעלדוועבל — א ייד — געראטן צו זאגן אז איך בין א שניידער. איך האב אזוי געטאן און בין באלד צוגעטיילט געווארן אין שניידער ווארשטאט. נייען אויף א מאשין האב אין געקענט, און אזוי ווי נעבן מיר האט געארבעט מיינער א פריינד, שלמה יקיר, א גוטער שניידער, האט ער געמאכט די וויכטיקערע ארבעט און איך האב אויסגעענדיקט. אין לויף פון דער צייט האב איך זיך אויסגעלערנט גוט נייען און בין באמת געווארן א פולשטענדיקער שניידער און זאגאר גענייט פאר די אפיצערן. די סאלדאטן וואס זענען אנגעקומען צוזאמען מיט מיר אין לאגער האבן מיך פשוט מקנא געווען. בשעת זיי זענען געגאנגען אויף מאנעווערעס אין די קאלטע ווינטער טעג אין די גרויסע שנייען בין איך מיר געזעסן און א ווארעמע שטוב און האב לאנגזאם געארבעט. די תורה פון מושטירן האב איך זיך אינצווישן אויסגעלערנט פון א ביכל וואס איך האב געקויפט נאך אין ווארשע. דארט איז אויך געווען א פרק ווי אזוי זיך אומצוגיין מיט געווער, ווייל אפילו אלס שניידער האב איך אט די אלע זאכן געדארפט קענען.

קורץ פאר פסח האבן מיר באקומען דריי פאקעטן פון דערהיים. אן אפיצער האט געשיקט א סאלדאט אויף די פאסט זיי אפנעמען. דער סאלדאט איז צוריקגעקומען מיט דריי הילצערנע קעסטלעך אין וועלכע עס זענען געווען ווורשט, סארדינען, און דער עיקר פלעשלעך וואדקא וועלכע זענען גלייך געעפנט געווארן און מיט די הילף... פון די אפיצערן אויסגעליידיקט געווארן אויפן פלאץ.

אין לויף פון דער צייט איז ישאיעוויץ קראנק געווארן, מען האט אים אוועקגענומען אין שפיטאל און נאך א געוויסע צייט איז ער באפרייט געווארן. דער פאל האט אביסל גערייצט די יידישע סאלדאטן און זיי האבן אנגעפאנגען זוכן מעגלעכקייטן... קראנק צו זיין כדי זיך באפרייען. פארשטייט זיך אז דאס איז נישט געווען פון די לייכטע זאכן, ווייל אפילו אין נארמאלע אומשטענדן האט מען זיך באציגן מיט חשד צו די יידישע סאלדאטן פון פוילישע אפשטאמונג.

## דער ערשטער פסח

אינצווישן האט זיך דערנענטערט פסח און מיר יידישע סאלדאטן האבן געזוכט א וועג צו זיין אין שטאט צו א סדר. אזא ערלויבעניש ארויסצוגעבן איז געווען אין די קאמפעטענץ פון א קאפיטאן, וועלכער איז נישט געווען קיין שונא ישראל, אבער כדי צו קריגן די ערלויבניש האט ווער פון די סאלדאטן געדארפט גיין אין ביורא דערלאנגען די ביטע. אזוי ווי איך האב זיינערצייט מכבד געווען דעם אפיצער מיט וואדקא איז דער גורל געפאלן אויף מיר. איך האב מיין פליכט אויסגעפירט און עס איז מיר געלונגען צו קריגן די געבעטענע ערלויבעניש, אבער מיט א באדינג אז די סאלדאטן וועלן זיך גוט און שיין אויפפירן אין שטאט, נישט שיכורן, און זיך אומקערן צו דער צייט. אין א געוויסער מאס האט ער מיך פאראנטווארטלעך געמאכט. מיר, א גרופע יידישע סאלדאטן האבן אוועקמארשירט אין שטאט, אין דער ריכטונג פון דער שוהל ווו מיר האבן געטראפן אויך פיל אנדערע יידישע סאלדאטן. ווען דאס דאווענען האט זיך פארענדיקט האבן מיר זיך אנגעווונטשן איינער דעם צווייטן א פריילעכן יום־טוב, ארייננעזעצט זיך אין שליטלעך און אוועק צום סדר ווייט פון דער שוהל. אזוי שנעל ווי איך בין אהין אנגעקומען האב איך בשלאסן אז מיר וועלן דא דעם סדר נישט האלטן ווייל ס'האבן זיך דארט פארזאמלט אונטערוועלט מענטשן. אויף די טישן איז געלעגן ברויט און קאלבאס (וווּרשט) און נאך אזעלכע טרפה מאכלים. א גראמאשקע האט געשפילט און אונגעווינטשטע פארלעך האבן געטאנצט. איך האב באלד געמאלדן אז מיינע סאלדאטן וועלן צוריקגיין אין די קאזארמעס אויב די טישן וועלן נישט אפגערייניקט ווערן, און די פארדעכטיקע פארשוינען וועלן דעם זאל נישט פארלאזן. מיינע ווערטער האבן געווירקט, די אונגעווינטשטע עלעמענטן האט מען פון זאל פארטריבן און מיר זענען אריין. אבער אין זאל האט געהערשט א פינצטערניש, און מיר האבן אלזא אנגעצונדן צוויי לעמפלעך, זיך אוועקגעזעצט ביי די טישן, אין דערמאנענדיק זיך אן דעם סדר אין דער היים זיך ערנסט צעוויינט. לאנג האבן מיר דארט נישט געווײלט, מיר האבן געטרונקען לחיים, פארביסן מיט מצה, פארענדיקט די הגדה און צוריק אין דער קאזארמע. אויף צו מארגנס זענען מיר ווידער געגאנגען אין שטאט, געקומען אין שוהל, און דארט געטראפן א היבשע צאל מתפללים. מיט אונדז איז אויך געווען אונדזער חבר זיינוויל, וועלכער

האט געטראגן א בארד, און אים האבן די ארטיקע בעלי בתים געוואלט פארבעטן אהיים צום עסן, אבער ער האט זיי אפגעזאגט נאך דעם ווי ער האט געהערט זייערע גוטע מעשים קעגן דעם שוחט און בעל תפילה ווען זיי האבן איבערגעגבן דער פאליציי, וועלכע האט אים ארייננגעזעצט אין טורמע ווייל ער נישט געהאט קיין ווינערכט אין שטאט.

אין שטאט האבן געוווינט בערך 800 משפחות, פון זיי זייער פיל רייכע מענטשן, סוחרים, אפיצערן און הויכע אנגעשטעלטע. צווישן זיי אויך פארלעך פון געמישטע חתונות. דער רוב איז געקומען אין שוהל צו הזכרת נשמות אדער קדיש זאגן און גלייכצייטיק מנדב געווען געלט אדער ליכט פאר דער שוהל. דאס געלט אדער ליכט זענען איבערגעגעבן געווארן דעם אלטן גבאי און ער האט אויף דעם געגעבן א קבלה.

דער פסח האט זיך געענדיקט. איך בין שוין צוריק אין קאזארמע, אבער באלד האט זיך אנגעהויבן א נייע צרה: עס האט זיך דערנענטערט די צייט פון שווערן. די סאלדאטן מוזן זיין גרייט און וויסן אט די „תורה", ענטפערן דעם גענעראל וועלכער דארף אונדז באשווערן — אויף געווויסע פראגן. פארשטייט זיך אז די פראגן זענען פאר אונדז רעקרוטן נישט געווען קיין לייכטע. אבער דאביי איז אויך געווען אביסל מזל: דער טאג פון דער שבועה איז געקומען, דער גענעראל — אן אויסגעשפראכענער אנטיסעמיט — איז געקומען מיט זיין פמליא און גענומען שטעלן די פראגן יעדן איינציקן באזונדער. צו מיין גרויסער שמחה האב איך געענטפערט אויף אלע פראגן פינקטלעך אזוי ווי מען דארף, און יעצט בין איך שוין א פאלקאמער סאלדאט. עס האבן זיך אנגעפאנגען די מאנעווורעס און איך, דעם אמת געזאגט, האב צו די מאנעווורעס קיין גרויסן חשק נישט געהאט. מיין ווונטש איז געווען צו ארייינגיין אין דער „שוואלניע" (ניי ווארשטאט) און פארנעמען זיך דארט מיט שניידעריי ווו איך האב שוין פריער געארבעט און אזוי ארום ניצול ווערן פון די מאנעווורעס. מיט א „מתנת יד" און א צוזאג דעם אפיצער צו אויפנייען אים א פאר שיינע הויזן, איז מיר דער עסק געלונגען.

מיין צוקונפטיקער שוואגער, באראן, האט זיך פארשריבן אויף דער אפיצערן שול, האט מיט דער צייט באקומען א ראנג, און איז באשטימט געווארן הויפט מאגאזיינער (אפסנאי ראשי). זיין אויפגאבע איז געווען צו באזארגן די סאלדאטן מיט שפייז, געטראנקען, און אויך

זארגן פאר זייערע קולטור אינטער־עסן. אין זיין רשות האט ער געהאט 30 מאן, וועלכע האבן געטאן די פיזישע ארבעט אין די מאגאזינען און געהאלפן צוגרייטן נשפים וועלכע די אפיצערן האבן איינגעארדנט פאר זייערע ציווילע געסט. מיין שוואגער איז געווען א פרומער ייד און האט פון אלע מאכלים גארנישט פרזוכט.



שמואל פרום און זיין זון, שמעיה

אויף איינעם פון די נשפים האבן מיר זיך געטראפן מיט א פארנעמען ייד און ער האט אונדז דערציילט אז אויף פסח האבן זיי געזאמלט א שיינע סומע געלט פאר די סאלדאטן און אז א קאמיטעט איז טעטיק אין אלע ענינים. מיר האבן גלייך געשיקט א דעלעגאציע פון 2 סאלדאטן צום הויפט גבאי בכדי צו דערוויסן זיך וואס דא קומט פאר. ער האט אונדז נישט איבעריק פיין אויפגענומען, און נאך דעם ווי מיר האבן אים ערקלערט דעם ציל פון אונדזער באזוך ביי אים האט ער זיך אויף אונדז צושריען. מיר אבער האבן זיך נישט אפגעשראקן און זיך גלייך געווענדט צו א צווייטן גבאי — א פוילישער ייד — און דער האט אונדז דוקא פיין אויפגענומען, זיך באצויגן סימפאטיש צו אונדזער פאדערונג און דערקלערט אז דעם קומענדיקן פסח וועט מען פאר אלע סאלדאטן צוגרייטן א סדר, און מיר וועלן קענען זיך אליין די מצות באקן. מיר האבן פארלאזן דעם גבאיס שטוב מיט א שיינעם דאנק און מיט צופרידענהייט, זייענדיק זיכער אז פאר דעם קומענדיקן פסח זענען מיר שוין באזארגט מיט א סדר. מיר האבן אויך געזארגט פאר די הונדערטע ארעסטירטע יידן וועלכע האבן געשמאכט אין די דארטיקע טורמעס, צווישן זיי אויך פאליטישע ארעסטאנטן. מיר איז אסך מאל אויסגעקומען איבערפירן יידישע ארעסטירטע פון איין טורמע אין א צווייטער, און ביי דער געלעגנהייט זיי מכבד געווען מיט פאפיראסן און פארשיידענע נאשווארג. מיר האבן באקומען א צוזאג פון גבאי אז

אויך זיי וועלן זארגן פאר די ארעסטירטע צום סדר. א קורצע צייט פאר פסח האבן די גבאים צוגעשיקט עטלעכע וואגנס מיט מעל אויף מצות, אבער ווען מיר האבן געעפנט דאס ערשטע זעקל האט זיך ארויסגעוויזן אז דאס איז נישט קיין מעל נאר ממש קלייען. אונדזער בעקער האט רעאגירט, זאגנדיק דעם גבאי וועלכער איז בייגעווען, אז מיר וועלן פון דעם מעל קיין מצות נישט באקן. דער גבאי האט זיך אויפגערעגט, אבער דא האט זיך אריינגעמישט א צווייטער גבאי וועלכער האט צוגעזאגט גלייך אויסבייטן די קלייען אויף שיינע, ווייסע מעל. דער ערשטער גבאי וועלכער האט זיך אויסגעדריקט אז די סאלדאטן זענען ,שנארערס" האט געכאפט קלעפ פון אונדזערן א סאלדאט און ער האט אים אויך ארויסגעווארפן פון שוהלהויף. נאך דער געשיכטע איז ער שוין מער נישט דערוויילט געווארן אלס גבאי.
צו דער ערשטער סדר נאכט האבן מיר איינגעלאדן אונדזער פאלקאווניק, וועלכער איז געווען פארהייראט צו א יידישע פרוי. ער איז געקומען מיט זיין אדיוטאנט, האט מיט אונדז געגעסן געפילטע פיש, אונדז שיין באדאנקט און הערצלעך באגריסט. צומארגנס איז זיין באזוך באצייכנט געווארן אין אפיציעלן טעגלעכן באריכט פון דעם פאלק.
אויך דעם צווייטן טאג פסח האבן מיר אפגעהלטן א סדר אין שולהויף מיט פיל פארבעטענע געסט פון בארנאול. מיר זענען הערצלעך באגריסט געווארן פון א דארטיקן בכבודיקן איינוואוינער און פארענדיקט מיט א געשמאקע סעודה, און שפעט אין אוונט זיך צוריקגעקערט אין די קאזארמעס, רואיק, שטיל, און נישט שיכור, אלע יידישע סאלדאטן צוזאמען, און קיין איינער איז נישט געבליבן אין שולהויף.
עטלעכע טעג שפעטער איז פארגעקומען די קריסטלעכע פסחא. ז'אן האט מען באפרייט אלע קריסטלעכע סאלדאטן, און זיי ערלויבט מארשירן צו דער תפילה אין צערקווע. די ערשטע נאכט האבן געפעלט 20 סאלדאטן. און ווען מ'האט אויף צומארגנס ארויסגעשיקט הונדערט סאלדאטן זיי אפזוכן האבן זיך צען ווידער אויסבאהאלטן. דאס האט דעם קאפיטאן פון דער קאמפאניע שטארק אויפגערעגט און אויף צומארגנס האט ער צונויפגערופן אין גרויסן זאל פון די קאזארמעס פיל הונדערטער סאלדאטן און פאר זיי געהאלטן א רעדע אין וועלכער ער האט געזאגט: עס איז באוווּסט אז יידן מיידן אויס — ווי ווייט מעגלעך — דעם מיליטער דינסט, אבער עס איז אויך קלאר אז ווען זיי זענען שוין אין מיליטער זענען זיי ערנסט, קארעקט, און איבערגעגעבן. אט נעמט אייך פאר א ביישפיל, האט ער געזאגט, ווענדענדיק זיך צו די

קריסטלעכע סאלדאטן, די אויפפירונג פון די יידישע סאלדאטן אין זייער יום טוב, פסח: מיטן גרעסטן כבוד, עס פעלט קיינער נישט, קיינער פון זיי איז נישט שיכור: אן סקאנדאלן האבן זיי פארענדיקט זייער יום טוב. פון די קריסטלעכע סאלדאטן, דאקעגן, האבן מיר נאר חרפות און בושות, פון זייער אויפפירונג אין בארנאול. שיכרות, געשלעגן, פארוואונדעטע פון מעסער שטעך, און צום סוף, זענען 30 סאלדאטן פארשוואונדן געווארן; דער טייל וואס האט זיך צוריקגעקערט איז געקומען אפגעריסן, אפגעשליסן און בארוועס.

די סאלדאטן וואס די מיליטערישע פאליציי האט אפגעזוכט זענען שווער באשטראפט געווארן. זיי האבן אין פארלויף פון 20 טעג געדארפט שטיין אונטער דער ברענענדיקער זון מיטן פולן מיליטערישן געפאק, פון 25 ק״ג, נישט געטארט זיך א ריר טאן, און ווער עס האט זיך א ריר געטאן האט געמוזט שטיין נאך צוויי שעה.

### מיליטערישע מאנעווערעס

א געוויסע צייט שפעטער האט מען דעם גאנצן פאלק ארויסגעפירט אויף א שווערע מאנעוורע, אין א גרויסן רעגן. אין דער מאנעוורע האט ווער פון די סאלדאטן זיך באנוצט מיט הייס געווער, און עס האט געטראפן אז איינע פון די קוילן האט דורכגעלעכערט דאס הוט פון פאלקאווניק — וועלכער איז געריטן אויף זיין פערד. ער האט גלייך אפגעשטעלט די מאנעוורע און געזאגט: „איך גיב א פריז פון 50 רובל דעם יעניקן סאלדאט וואס וועט מיר זאגן די סיבה פון פלוצלינגן אפשטעל פון דער מאנעוורע". קיינער האט נישט געענטפערט. דאן האט ער מיט טרערן אין די אויגן געזאגט: „מען האט מיר געוואלט אפרוימען פון וועג אבער גאט האט מיך געהיט. איך וועל צוליב דעם מיינע מיליטערישע פליכטן נישט פארנאכלעסיקן; שוין איבער דרייסיק יאר אז איך דין אונדזער צאר און איך וועל ווייטער היטן דעם כבוד פון דער רוסישע קרוין". דערמיט האט ער פארענדיקט זיין ווענדונג צום מיליטער און איז אוועקגעריטן צוריק אין דער קאזארמע. נאך דעם איז אנגעקומען א באפעל אז מיר זאלן זיך אלע צוריקקערן אין די קאזארמעס. באלד ווי מיר זענען אנגעקומען זענען די קאזארמעס באלאגערט געווארן פון מיליטערישע פאליציי און עס איז דורכגעפירט געווארן א רעוויזיע ביי יעדן איינעם אין זיין פערזענלעכן קעסטל. עס איז געווען קלאר אז די קויל איז געקומען

פון איינעם פון די דרייסיק אנטלאפענע וועלכע זענען שווער באשטראפט געווארן. שפעטער אביסל איז דער פאלקאווניק איבערגעפירט געווארן אין אן אנדער פאלק.

די שלעכטע באציאונג פון איינעם פון די הויכע אפיצערן האט מיר באוויגן צו בעטן א וויזיט ביים דאקטאר, ער זאל מיר שיקן אין שפיטאל צוליב א קראנקהייט וועלכע איך האב סימולירט. איך בין געשטעלט געווארן צו א באקאנטן פעלשער און ער האט מיר געשיקט אין שפיטאל. עטלעכע טעג שפעטער האט מיר א פרוי איינגעלאדן אויף א ציווילן נשף און מיט דער הילף פון דאקטאר האב אין דעם שפיטאל פארלאזן און בין אוועק צום נשף. אבער ווי ערשטוינט בין איך געווארן ווען איך האב פלוצלינג דערזען מיין פאלקאווניק שפאצירט אריין אין זאל אלס א באזוכער. איך בין גלייך אנטלאפן דורך א זייטיקע טיר צוריק אין שפיטאל. אבער עס האט זיך ארויסגעוויזן אז ער האט מיך באמערקט און ווי נאר איך האב זיך געלייגט אין בעט צוריק און דערציילט דעם דאקטאר וועגן דעם פאל איז דער פאלקאווניק געקומען אין שפיטאל און געפרעגט דעם דאקטאר וויפל קראנקע ער האט אין זיין אפטיילונג. ווען דער לעצטער האט אים געמאלדן די צאל, האט ער געזאגט: דו האסט א טעות, עס איז דא איינער ווייניקער. דער דאקטאר האט גלייך גענומען דעם לאמטערן, אדורכגעגאנגען מיט אים די אפטיילונג און אים געוויזן אז אלע זענען דא. דער פאלקאווניק האט פארשטאנען אז ער איז דורכגעפאלן, האט געשוויגן און איז ארויס.

אין אן ענלעכן פאל האט ער מיך באגעגנט אין דער שוואלניע ווו איך האב געדארפט צוגרייטן א פאר הויזן פאר אן אפיצער. אויך דא האב איך זיך באוויזן ארויסצודרייען. קורץ נאך דעם בין איך ארויס פון שפיטאל און גלייך נאך דעם באקומען א חודש צייט הויז ארעסט, דאס הייסט נישט פארלאזן די קאזארמע א חודש צייט. כ'האב דאס דערציילט איינע פון די אנגעזעענע פרויען פון שטאט וועלכע פלעגן אונדז באזוכן. זי האט באדויערט אבער גארנישט געזאגט. עטלעכע טעג שפעטער האט מען דעם פאלקאווניק אריבערגעפירט אין אן אנדער פאלק קיין אמסק, און אין עטלעכע וואכן ארום האט מען אונדזער פאלק אויך אריבערגעפירט קיין אמסק.

**אין אמסק**

מיר האבן געוווּסט אז אמסק איז א באפרייאונגס פלאץ, און מיר האבן געהאפט אז פון דארט וועלן מיר באפרייט ווערן, אבער

ווי עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן זענען מיר נאך געווען ווייט פון באפרייאונג כאטש מיר האבן שוין געהאט אויסגעדינט אונדזערע דריי יאר.

געקומען קיין אמסק, א גרויסע שטאט מיט א היבש ביסל יידן, האבן מיר זיך גלייך באקאנט מיט די דארטיקע כלי קודש, מיטן רב, די גבאים פון דער שוהל און די פרנסי העיר, וועלכע האבן זיך בדרך כלל זייער פיין באצויגן צו די יידישע סאלדאטן פון די 2 פאלקן 42 און 43, וועלכע זענען דארט געשטאנען. קומענדיק אין די קאזארמעס האט מען אונדז גלייך געגעבן אנדערע מלבושים און בכלל איז די באציאונג געווען ווי צו רעקרוטן. מיר האבן געפרוווט קריגן ידיעות וועגן אונדזער באפרייאונג, אבער מיר האבן בשום אופן נישט געקענט דערגיין דעם אמת. קיין צייטונג איז נישט געווען, נאר פון די ארטיקע סאלדאטן האבן מיר זיך דערוווּסט, אז אין צוזאמענהאנג מיט דער אנגעשטרענגטער פאליטישער לאגע האט מען אפגעהאלטן אלע באפרייאונגען.

אין אמסק האב איך זיך גלייך איינגעארדנט ביי מיין פאך, אין שניידער ווארשטאט, דורך וועלכע איך האב זיך באקאנט מיט די אפיצערסטווא, פאר וועמען איך האב גענייט הויזן אדער געמאכט רעפעראטורן. אין דער צייט זענען אנגעקומען אין שטאט נייע סאלדאטן צווישן וועלכע איך האב געטראפן מיינע חברים וואס מיט זיי בין איך געפארן פון פוילן קיין רוסלאנד. די שמחה איז געווען גרויס און שפעטער האבן מיר זיך געחברט, און אנגעהאלטן א געוויסע פארבינדונג צווישן זיך.

דער פאלקאווניק פון פאלק, פיינבורגמייסטער, א דייטש, האט זייער ליב געהאט פאראדן אין וועלכע ער איז שטענדיק געריטן אויף זיין פערד אין דער שפיץ. וויסנדיק אז ער האט פאר זיך אויסגעאיבטע סאלדאטן וועלכע ווייסן די מלאכה פון פאראדן, פלעגט ער אונדז פון צייט צו צייט ארויספירן אויף א פאראד איבער דער שטאט. בכלל האט דער בארנאולער פאלק געשמט מיט זיינע אויסגעצייכנטע סאלדאטן.

אינצווישן איז צו אונדז דערגאנגען די ידיעה וועגן דעם מארד אין סאראיעווא, און מיר האבן פארשטאנען אז פון איצט וועט נאך זיין פיל שווערער צו באפרייען זיך פון מיליטער. דערווייל האבן מיר געדארפט מיטמאכן אביסל איבונגען ביי וועלכע א נייער אפיצער האט געוואלט אויסנוצן אונדזער ערפארונג כדי זיך אליין

העכער מאכן. ער האט אונדז ממש געפייניקט, אבער היות ער איז געווען אן עלטערער מענטש האבן מיר אויף אים פשוט רחמנות געהאט. אבער דורך א צופאל האבן מיר דאך געהאט א נקמה אין אים: איין טאג זענען אנגעקומען צו אונדז עטלעכע הונדערט סאלדאטן פון 4טן פאלק, כמעט אלע שיכור, און ביי יעדן אין טאש א רעזערווע פלעשל וואדקא. די סקאנדאלן און געשלעגעריי האבן זיך צעטראגן איבער אלע קאזארמעס. אונדזער אפיציר איז געלאפן א צוטראגענער פון איין קאזארמע אין דער צווייטער און בשום אופן נישט געקענט זיי בארואיקן. בלית ברירה האט ער זיך געווענדט צו אונדז אז מיר זאלן מיט גוטן אדער מיט בייזן זיי בארואיקן. מיר וועלכע זענען געווען ערפארענע סאלדאטן האבן גלייך אפגעטיילט די הויפט שיכורים און זיי געפירט שלאפן, געבנדיק זיי דערביי דריי טעג אורלויב. עס האט זיך אביסל געטומלט אבער אונדז איז געלונגען צו איינשטעלן ארדנונג. צווישן די שיכורע סאלדאטן איז אויך געווען א ייד פון זשוראמין, א פארדעכטיקער טיפ, א טרינקער, א גנב, און דערצו אויך א שלעגער. איין מאל, זייענדיק אויף דער וואך, האט ער ביי זיין פארשלאפענעם חבר צוגענומען דעם ביקס, און ווען יענער האט זיך אויפגעכאפט און האט דעם ביקס נישט געפונען איז ער גלייך געלאפן מעלדן וועגן דעם זיין אפיצער. עס האט זיך אנגעפאנגען אן אויספארשונג און מען איז דערגאנגען אז דאס איז דעם זשוראמינערס ארבעט. ער איז גלייך ארעסטירט געווארן, און עס האט אים געדראט ביז 10 יאר טורמע. איך אלס פארשטייער פון די יידישע סאלדאטן האב זיך געווענדט צו א יידישן אדוואקאט אין אמסק אז ער זאל אונטערנעמען די פארטיידיקונג און דערווייל געמוזט איינצאלן פון מיין אייגן געלט 25 רובל. ווען דער טאג פון משפט איז געקומען איז שוין די פארטיידיקונג געווען צוגעגרייט, נאך דעם ווי מיר האבן איבערגעקויפט דעם פעלדוועבל וועמענס עדות איז געווען די וויכטיקסטע און דער בחור איז באפרייט געווארן. עס איז כדאי צו באמערקן אז שפעטער, קורץ נאכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה, האט דער בחור דעזערטירט און ווען מען האט אים געכאפט האט מען אים געשטעלט פאר א מיליטערישן פעלד געריכט און דערשאסן.

אויסער די געוויינלעכע טאג טעגלעכע צרות וועלכע דער רוב פון די יידישע סאלדאטן האבן געליטן אין די רוסישע ארמיי האבן אויך קיין אנדערע צרות נישט געפעלט אין מיין פאלק. איך דערמאן

זיך די צרות וואס מיר האבן מיטגעמאכט ווען א יידישער סאלדאט האט זיך צוקריגט מיט א קאווקאזער אפיצער.

### צוליב א קינזשאל

געווען ביי אונדז אין פאלק א לאמזשער בחור, א גוטער טענצער. איינמאל איז ער איינגעלאדן געווארן צו אן אוונט פון אפיצערן צו באווייזן דארט זיין קונסט. זיין רעפערטואר האט איינגעשלאסן אויך א קאווקאזער טאנץ. צו דעם האט ער געדארפט האבן די קליידונג פון א קאווקאזער אפיצער, און א פאס מיט א קינזשאל (פגיון). ער האט דאס אלעס באקומען אויסגעליען פון א קאווקאזער אפיצער. דער בחור האט געטאנצט און האט מצליח געווען. נאך דעם האט ער צוריקגעגעבן דעם אנצוג פון דעם קאווקאזער אפיצער צו זיין דענשטשיק (משרת). א שטיקל צייט שפעטער איז ער גערופן געווארן צום קאווקאזער אפיצער וועלכער האט אים אויפמערקזאם געמאכט אז צווישן די זאכן וואס ער האט צוריקגעגעבן פעלט דער קינזשאל. דער לאמזשער בחור האט זיך געשווארן אז ער האט אלעס צוריקגעגעבן, אבער עס האט גארנישט געהאלפן. דער אפיצער האט אים געווארנט אז אויב ער וועט אין פארלויף פון 14 טעג נישט צוריקגעבן דעם קינזשאל וועט ער אים דערהרגענען, און מען האט געוווּסט אז א קאווקאזער זאגט איז ער מקיים. דער בחור איז ארומגעגאנגען א פארזארגטער און געזוכט א וועג ווי אזוי צו ווירקן אויף דעם משרת אז ער זאל צוריקגעבן דעם קינזשאל. יענער האט געטענהט — איך האב קיין קינזשאל נישט געקראגן. דער בחור האט זיך געווענדט צו אונדז מיר זאלן אים העלפן. איך האב דעם ענין גענומען אין מיינע הענט, און צום ערשטען האב איך מיט נאך א חבר זיך געווענדט צו דעם קאווקאזער אפיצער און אים דערקלערט אז אויב באשולדיקן קען ער נאר זיין משרת. היות ווי דער קינזשאל איז אן אנטיק, א ירושה פון אסאך דורות, און איז בערך 300 יאר אלט, האט ער אונדז דערקלערט איז עס נישט קיין פראגע פון געלט, — מיר האבן פארגעלייגט צו קאמפענסירן אים מיט געלט — און ער מוז אומבאדינגט צוריקקריגן דעם קינזשאל. מיט א שווערן געמיט בין איך אוועק פון דעם אפיצער, און האב נישט געוווּסט וואס צו טאן און וווהין זיך צו ווענדן. אבער אט האב איך זיך דערמאנט וואס מען האט מיר א מאל געזאגט: אויב א ציגיינער נארט דיך אפ, פרעג א צווייטן ציגיינער וואס צו טאן מיט

אים. מיר האבן אלזא באשלאסן צו ווענדן זיך צו א קאווקאזער אדוואקאט און בעטן ביי אים אן עצה. מיר האבן אים צוגעזאגט א שיינע מטבע שכר טרחה, מיטן באדינג ער זאל דעם בחור ארויסנעמען פון דער צרה. דער אדוואקאט האט באמת געפונען א וועג צו אויפדעקן די גנבה. ער האט אינסצענירט א געשלעגעריי אין וועלכע ס'האט זיך אויך באטייליקט דער משרת פון דעם אפיצער און בעידנא דריתחא (ווען ער האט זיך שטארק צעהיצט) האט ער ארויסגעכאפט זיין קינזשאל און געוואלט שטעכן זיין קעגנער. דעמאלט האט מען אים מיט דער הילף פון 2 סאלדאטן — אומגעווארפן און ביי אים צוגענומען דעם קינזשאל, און עס האט זיך ארויסגעוויזן אז דאס איז דער קינזשאל פון קאווקאזער אפיצער. דעם קינזשאל האט מען גלייך צוריקגעגעבן דעם אפיצער, דעם משרת — ארעסטירט, און אונדזער בחור איז ניצול געווארן פון א גרויסע צרה. פארשטייט זיך אז דער עסק האט אונדז געקאסט פיל געלט, אבער ביי אונדז, דער קאמיטעט פון די יידישע סאלדאטן, איז שטענדיק געווען א סומע געלט ווען מען האט געדארפט ראטעווען א יידישן סאלדאט פון א צרה.

## מיין באפרייאונג

דער טאג פון מיין באפרייאונג האט זיך דערנענטערט און גאנץ אונערווארטעט האט מען מיר גערופן אין ביורא פון פאלקאווניק און געמאלדן אז נאך דריי טעג דארף איך זיין גרייט צו פארלאזן די קאזארמע און נאכן צוריקגעבן אלע מיליטערישע זאכן אין מיין באזיץ בין איך פריי צו פארן אהיים. אין די דריי טעג האב איך געמאכט אלע פארבארייטונגען און אין פרלויף פון א חודש בין איך שוין געווען צוריק אין דאבזשין. אין יענע צייטן איז א נסיעה פון אמסק אין סיביר קיין דאבזשין אין פוילן נישט געווען פון די פשוטע זאכן. אבער דאך בין איך אנגעקומען געזונט און מונטער קיין דאבזשין. מילא די שמחה וואס איז דארט געווען איז נישט צו באשרייבן. דאס גאנצע שטעטל האט זיך פארזאמלט אין אונדזער הויז און אלע האבן מיר געגעבן שלום עליכם. די שכנים האבן וואכן לאנג נישט אויפגעהערט צו באזוכן אונדז און מיך געשטעלט פארשיידענע פראגעס. אויך קרובים פון אנדערשווו, אויסער דאבזשין, זענען געקומען מיך מקבל פנים זיין.

אזוי איז אוועק א היבשע שטיקל צייט ביז איך בין געווארן א תושב אן א „ברוך הבא". א שטיקל צייט האב איך געארבעט אין דזשאלין, א גוט וואס האט געהערט צו יידישע פריצים.

## די ערשטע וועלט מלחמה

ווען די שמועות וועגן מאביליזאציע זענען געווארן ערנסטער האב איך זיך צוריקגעקערט קיין דאבזשין. איך האב נישט געוואלט שטיין פאר א געשעענעם פאקט און דעריבער בין איך שוין אין דער היים נישט געשלאפן. דערווייל האט דאס רוסישע מיליטער — וועלכע איז געווען די גרענעץ וואך — איינציקווייז פארלאזן דאס שטעטל. אויף דער צווייטער זייט, דאס הייסט אין גאלוב, האט זיך געלאזט באמערקן א קאנצענטראציע פון דייטשע מיליטער, און עס איז כמעט קלאר געווען אז דאס מיינט מלחמה.

אינצווישן זענען אנגעקומען קיין דאבזשין הונדערטער פליטים פון אלע עקן פוילן זוכנדיק א וועג צו אריבערגיין קיין דייטשלאנד. דער גרעסטער טייל וואס איז אריבער די גרענעץ זענען גלייך אינטערנירט געווארן, אריבערגעשיקט געווארן אין טיף דייטשלאנד אין ארבעטס לאגערן, און א טייל איז צוריקגעקומען קיין דאבזשין.

עטלעכע טעג שפעטער, דאס איז געווען א זונטיק, 12 אזייגער בייטאג איז דאס דייטשע מיליטער אריין אין דאבזשין, צום ערשטן עטלעכע צענדליקע רייטערס און דערנאך הונדערטער מיט שווערע געווער. זיי האבן זיך גלייך צעשפרייט איבערן שטעטל און האבן געזוכט רוסישע מיליטער אדער באאמטע. די עטלעכע רוסישע באאמטע וועלכע האבן נישט באוויזן צו אנטלויפן זענען לכתחילה ארעסטירט געווארן, אבער שפעטער האט מען זיי באפרייט.

נאך עטלעכע וואכן אקופאציע האבן די איינוווינער פון שטעטל אנגעהויבן פילן דעם טעם פון דייטשן כיבוש. יעדן טאג האט מען די באפעלקערונג פארזאמלט אויפן מארק, אויסגעקליבן די ארבעטס־פעאיקע צווישן זיי און זיי געשיקט גראבן אקאפעס. די וואס האבן געהאט פערד און וועגן האבן געמוזט מיטארבעטן. די וואס האבן זיך אויסבאהאלטן, סיי יידן סיי קריסטן, זענען שטארק צושלאגן געווארן ווען מען האט זיי געפונען, און ערשט דאן געשיקט געווארן צו די שווערסטע ארבעט.

דורך דער צייט האט מען דורך דעם שטעטל דורכגעפירט — אויפן וועג קיין דייטשלאנד — טויזענדע רוסישע געפאנגענע סאלדאטן, וועלכע זענען געפאנגען געווארן אין ערשטע גרויסע שלאכטן ביי פלאצק.

די אלגעמיינע לאגע אין שטעטל איז געווארן וואס א מאל ערגער. קיין שפייז האט מען נישט געבראכט און קיין פרנסה איז

ניט געווען. די יעניקע וואס די דייטשן האבן גענומען אויף ארבעט האבן באקומען עסן, אבער די משפחות אין דער היים האבן געהונגערט. איך האב געהאט אן ערלויבניש ארומצופארן אין געגנט, און צוזאמען מיט מיין עלטערן ברודער האב איך אין די דערפער ארום דאבזשין באזוכט באקאנטע פויערן און באקומען ביי זיי שפייז; אייניקע האבן אפילו קיין געלט נישט געוואלט נעמען. קעגן אוונט ווען איך בין צוריק־געקומען אין שטאט האט מיין פאטער צונויפגערופן נויטבאדערפטיקע יידן און זיי איינגעטיילט דאס ביסל שפייז וואס מיר — איך און מיין ברודער — האבן געבראכט און כמעט גארנישט איבערגעלאזן פאר זיך.

ווען די עקאנאמישע לאגע האט זיך נאך מער פארערגערט און איז געפארן אונערטעגלעך, און קיין אויסוועג האט זיך נישט געוויזן, האבן מענטשן אין שטעטל גענומען זוכן מיטלען ווי צו ערנערן זייערע משפחות. פיל האבן זיך געלאזט מיט זעקלעך אויף דער פלייצעס מיט פארשיידענע גאלאנטעריי סחורות צו טוישן זיי אין די דערפער אויף אביסל שפייז. מען איז געווען צופרידן אז מען האט במשך פון טאג געקראגן אביסל קארטאפל אדער מעל.

## אויף ארבעט קיין דייטשלאנד

מיט דער צייט האבן די דייטשן באקאנט געמאכט אז ווער עס וויל זיך פארשרייבן אויף ארבעט אין דייטשלאנד קען דארט באקומען ארבעט מיט גוטע באדינגונגען. יונגע, געזונטע מענטשן האבן זיך גלייך פארשריבן און צווישן זיי אויך איך. עטלעכע טעג שפעטער האט מען אונדז פארזאמלט אויפן מארק, אריבער־געפירט צום גאלובער באנהויף, און פון דארט טראנספארטירט אין טיף דייטש־לאנד.



יעקב יוסף ליכטענפעלד
זאגט תהילים

דער געוויין פון די עלטערן און קרו־בים ביים געזעגענען זיך איז שווער צו באשרייבן; עס זענען פארגעקומען האר־צרייסנדיקע סצענעס, אבער עס איז כמעט קיין אנדער אויסוועג נישט געווען. מיר האבן געזוכט א וועג אויסצומיידן דעם הונגער און אונדז האט זיך געדוכט אז דאס איז די וועג.

אין די מיטאג שעהן איז דער צוג אפגעפארן אויפן וועג קיין טארן. אויף דער טארנער באן סטאציע האט מען אונדז ממש מיט שטיינער באווארפן, געזידלט און געשאלטן: איר פארפלוכטע רוסן, איר שמוציקע רוסן און א.א.וו. מיר זענען שוין געווען צופרידן ווען די באן האט זיך גערירט. אבער אויך אויף אלע אנדערע סטאציעס האט זיך די זעלבע סצענע איבערגעחזרט ביז מיר זענען אנגעקומען צו דער סטאציע האלשטיין. דא האט מען אונדז באפוילן פארלאזן די וואגאנען. ס'איז שוין געווען שפעט ביינאכט. דערפרוירענע, אויס־געמאטערטע פון דער שווערער נסיעה האט מען אונדז געפירט נאך עטלעכע קילאמעטער צופוס אויפן וועג צום לאגער.

צווישן אונדז איז געווען לייב רוסקה־בולקה. ער האט זיך געפילט שלעכט און נישט געקענט אנהאלטן מיט דעם מארש, איז צו אים צוגעגאנגען א סאלדאט און אים א קלאפ געטאן מיטן ביקס איבערן קאפ, און אן אפיצער וועלכער איז דערביי געווען האט דעם סאלדאט גארנישט באמערקט.

ענדלעך זענען מיר אנגעקומען אויפן באשטימטן פלאץ, וועלכער איז געווען ארומגענומען מיט שטעכעדיקע דראט. ארום זענען געווען וועלדער. דא זענען מיר קווארטירט געווארן אין לאנגע באראקן, 60 מענטשן אין באראק. באלד האט מען אונדז געגבן צעריסענע מילי־טערישע מלבושים, פילצענע אלטע שטיוול, געמאכט איינשפריצונגען, און אפגעשארן די האר, און צוזאמען מיט געפאנגענע און פרעמדע בירגער וועלכע זענען געווען אינטערנירט אין דייטשלאנד — אריינגעפירט אין די באראקן. מיר זענען געווען 800 מאן אן עסן, אפילו אן וואסר. אין יעדער ווינקל איז געשטאנען א באוואפענטער דייטשער סאלדאט. גלייכצייטיק האט מען ארויסגעגעבן א באקאנטמאכונג אז יעדער איינער דארף איבערגעבן אויב ער האט מיט זיך שוועבעלעך, ציגארעטן, א מעסערל אדער אנדערע געצייג. אין פאל מען וועט ביי וועמען ס'איז געפינען איינס פון די אויבנדערמאנטע זאכן איז טויט שטראף אן א משפט. א שטיקל צייט זענען מיר געווען אין דעם לאגער און זיך פארנומען מיט ארדנונג מאכן, גראבן, רייניקן און נאך פארשיידענע אנדערע ארבעט, און נישט באקומען אפילו די מינימאל־סטע שפייז. שפעטער האט מען אונדז צוטיילט אויף ארבעט ביי פויערן און אין פאבריקן. איך האב באקומען ארבעט אין א גרויסע טישלעריי. 12 מאן זענען מיר דארט געווען. ווען מיר האבן זיך נאקלאגט פאר דעם אייגנטימער אז מיר זענען הונגעריק האט ער

גלייך געשיקט זיין יינגל ער זאל אונדז ברייננגען עסן. נאך דעם ווי מיר האבן געגעסן צו זאט האבן מיר אים שיין באדאנקט און פאר־געזעצט די ארבעט.

נאך עטלעכע מאנאטן האט זיך ווידער אנגעהויבן די סדרה נע־ונד. מען האט אונדז איבערגעשיקט אויף אן אנדער פלאץ. עטלעכע טעג זענען מיר געפארן, ארומגערינגלט גאנץ דייטשלאנד, און נאר ביי די האלענדישע גרענעץ, אין דאס שטעטל פרידלאנד, האבן מיר זיך אפגעשטעלט. מיר זענען געווען 63 יידן. דא האט מען געגראבן א קאנאל און געארבעט האבן פארמשפטע אויף קאטארגע. אויך דא האט מען אונדז קווארטירט אין באראקן, און געגעבן די זעלבע באקאנטמאכונג וועגן טויט שטראף אויב מיר וועלן נישט איבערגעבן די פארגעשריבענע זאכן. די שפייז צוטיילונג איז יעדנפאלס געווען א בעסערע ווי אין דעם פריערדיקן לאגער. דער יידישער קצב וועלכער האט צוגעשטעלט פלייש פאר דעם לאגער האט אונדז צוגעזאגט אז ער וועט פאר זי׳ עטלעכע און זעכציק יידן זארגן אז זיי זאלן קריגן כשרע פלייש אויף יום טוב — דאס איז געווען פאר ראש השנה — ער וועט אויך זארגן פאר מחזורים. אבער נאכדעם האבן מיר אים מער נישט געזען. נאך צוויי טעג אין דער מחנה האט מען אונדז ארויס־געפירט צו דער באן סטאציע, מיר זענען געווען 12 מאן. דארט זענען געשטאנען עטלעכע וואגאנען. אויף איינעם פון די פלאטפארם וואגאנען האבן געווארט א צענדליק אינזשינערן און דייטשע טעכניקער. מיר 12 האבן דעם וואגאן געשטופט ווייל קיין לאקאמאטיוו איז נישט געווען. און נאך 2 שעה שטופן זענען מיר אנגעקומען אויפן פלאץ.

## אכזריותדיקע באציאונג

דארט האבן ריזן מאשינען געגראבן דעם קאנאל. מיט אונדז זענען געווען עטלעכע פאליאקן וועלכע האבן נישט פארשטאנען די דייטשע שפראך, און זיי האבן גלייך געכאפט עטלעכע קלעפ פון דעם אויפזעער. די יידן, דאקעגן, האבן געהארכזאם געטאן זייער ארבעט, ווייל זיי האבן פארשטאנען וואס מען פארלאנגט פון זיי... די באציאונג פון די ארטיקע טעכניקער צו די ארבעטער איז אין אלגעמיין געווען זייער א שלעכטע. מען האט זיך נישט גערעכנט מיט קיין שוואכן אדער קראנקן. אלע האבן געמוזט אויספירן זייער ארבעט, אפילו ווען זיי זענען ביי דער ארבעט געפאלן פון שוואכקייט. מיר האבן געפרואווט

אינטערווענירן ביי די דירעקציע אבער עס האט גארנישט געהאלפן. דאן האבן מיר באשלאסן אלס פראטעסט פרווון שבת נישט ארויסגיין צו דער ארבעט. ווען מיר האבן זיך אויסגעשטעלט שבת אין דער פרי ארויסגיין צו דער ארבעט בין איך ארויסגעטראטן און דערקלערט אז איך בעט אין נאמען פון די 63 יידישע ארבעטער צו באפרייען אונדז שבת פון ז'ער ארבעט. איך האב נאך נישט באוויזן מיין דער־קלערונג צו פארענדיקן און שוין האב איך פון דעם ארבעטס אויפזעער געכאפט א קלאפ אין פנים אז דאס בלוט איז פון מיר גערונען ווי וואסער. איך האב אויפגעהויבן א שרעקלעכן געוואלד און אלע ארבע־טער האבן געווארפן די כלים און עס האט זיך געשאפן א טומל. באלד האט מען אונדז איינגעשטילט, און אן אונטעראפיצער האט אונדז דערקלערט אז ער איז נישט באפולמעכטיקט צו באפרייען אונדז שבת פון דער ארבעט, אבער ער וועט זיך ווענדן דעם ווענדן צו די העכערע מאכט. דערווייל זענען מיר געגאנגען צו דער ארבעט און קומענדיק אויפן פלאץ האט מען אונדז אפגעטיילט פון אלע ארבעטער און געשטעלט אלע יידן ביי די שווערסטע ארבעט. נאך פארשיידענע גלגולים איז דער גאנצער ענין דערגאנגען צום געריכט. דערווייל האבן מיר געמוזט ארבעטן שבת און יום טוב און פארן ריכטער האבן מיר דערקלערט אין א שיינער דייטשער שפראך אז מיר זענען נישט קיין רוסן און מיר שטאמען פון א שטעטל נעבן דער דייטשער גרענעץ, אז מיר באזיצן דייטשע קולטור און נאך ענלעכעס. דער פסק דין איז געווען אז שבת און יום טוב זענען מיר באפרייט פון וועלכע עס איז ארבעט, דאקעגן דארפן מיר אלע ארבעטן זונטיק. אין צוזא־מענהאנג מיטן פסק דין האט מען אונדז פארגרעסערט די פארציע עסן און די באציאונג פון די אויפזעערס איז געווארן בעסער, אבער די אלגעמיינע לאגע פון די געפאנגענע און צוואנגס ארבעטער, האט זיך פארערגערט.

אין דעם געגנט ווו איך האב זיך געפונען זענען געווען אריבער 60 טויזנט געפאנגענע, די גרעסטע טייל פון זיי רוסן. די סאניטארע באדינגונגען זענען געווען ממש אונערטרעגלעך, און כמעט אין אלע געפאנגען לאגערן האט געהערשט א טיפוס עפידעמיע. יעדן טאג האט מען פון אונדזער לאגער ארויסגעפירט א היבשע צאל געשטאר־בענע, טראץ דעם וואס אין די שפיטעלער האט מען געגעבן אלע רעטונגס מיטלען. איך אליין האב דעמאלט געארבעט אלס סאניטאר אין שפיטאל און האב געהאט די געלעגנהייט זיך צוקוקן צו די

ארבעטס סיסטעם פון די דייטשע דאקטוירים. דאס אין געווען אין יאר 1916. די קאמפן אויף די פארשיידענע פראנטן זענען אנגעגאנגען אין פולן שווונג, און דייטשלאנד איז פשוט נישט געווען פעאיק צו שאפן די באדערפנישן פון דער דייטשער ארמיי, דעריבער האבן מיר נישט באקומען אפילו די מינדעסטע באדער־פנישן, און דעריבער האבן מיר אין א געוויסער מאס אויך געמוזט שווייגן. דאך האבן זיך אין געוויסע קרייזן אין לאגער באוויזן סימנים פון אן אויפשטאנד, א רעזולטאט פון פארצווייפ־לונג, נישט זעענדיק קיין ברעג צו די צרות וועלכע האבן זיך פארברייטערט פון טאג צו טאג.

איך דערמאן זיך אן איינעם פון די שבתים ווען דער גרעסטער טייל פון די דאבזשינער צוואנגס ארבעטער האבן זיך פארזאמלט אויפן פרייען פעלד ווייט פון די באראקן צו זוכן א וועג ווי אזוי זיך באפרייען פון דעם גיהנום און זיך צוריקקערן אהיים. אויף וויפל איך געדיינק זענען דארט געווען: 1. הירש וולף רוסק, 2. נחום פראגער, 3. שמערל בראמבערגער, 4. מענדעל לענט, 5. שלמה נוימאן, 6. יעקב גורני, 7. יחיאל זיסהאלץ, 8. חיים דוד ברוין, 9. יעקב וויאר, 10. בנימין איסר נובלסקי, 11. שלמה לאשער, 12. מרדכי זילבערמאן, 13. פישל ברוך, 14. שלמה יקיר לאנדבערג, 15. בינעם ביך די צודיקטעס, 16. חיים מאטשעק — נחום מיליפיעס אן אייני־קל, 17. הענעך קאטשער, 18. ליפמאן דראטווע, 19. העניך חאמאנד, 20. דער בלינדער יצחק, 21. איקסיע — דעם חזנס א קרוב, 22. שיע כץ, 23. חנא זאקליקאווסקי, 24. ליב רוסקה־בולקה, 25. מיכאל דראטווע, 26. הילל דראטווע, 27. ישראל קאנסקאוואלסקי און איך. צו יענער צייט איז אברהם הירש קאהן געווען דער פארשטייער פון די דאבזשינער יידן ביי די דייטשע מאכט. מיר האבן באשלאסן זיך ווענדן צו אים שריפטלעך און בעטן אינטערווענירן לטובת די דאבזשי־נער צוואנגס ארבעטער, אז מען זאל זיי באפרייען. אבער ווי עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן איז די גאנצע צייט אנגעגאנגען א שתדלנות, אבער עס האט גארנישט געהאלפן.

### מיין באפרייאונג פון דייטשען לאגער

אזוי האב איך געשמאכט הינטערן שווערן יאך פון דייטשן רעזשים ביז 1917 און דאן בין איך דורך א צופאל באפרייט געווארן, ווען אלע מיינע חברים האבן נאך געמוזט ווייטער בלייבן אין געפאנ־

גען לאגער. אלס דער ערשטער באפרייטער בין איך אויפגענומען געווארן מיט א גרויסע שמחה פון אלע איינוואוינער, קריסטן ווי יידן, איבערהויפט פון די משפחות, וועמענס קינדער אדער עלטערן זענען נאך פארבליבן אין די מחנות. ביי די האט זיך נאך מיין אנקומען באנייט די האפנונג — אז אויך זיי וועלן בקרוב זוכה זיין צו זען זיך מיט זייערע אייגענע.

לאנג האב איך אין דאבזשין נישט געוויילט און בין אוועק אויף א לענגערן באזוך צו מיין שוועסטער אין שרענסק, און דארט האב איך געהאט די געלעגנהייט אויסנוצן מיינע פעאיקייטן און ערפארונג אלס סאניטאר, ווען אין געגענט וואס איך האב באזוכט האט געהערשט א טיפוס עפידעמיע.

אין געוויסע פאלן, האב איך געגעבן סאניטארע הילף וועלכע האט געווירקט און לאקאליזירט די קראנקהייט. אויך אין דאבזשין האט מען מיינע מיטלען אויסגענוצט אין פאל פון טיפוס. איך וויל דא באצייכנען מיט שמחה אז אין פיל פאלן האט עס געהאלפן.

א שטיק צייט איז פארלאפן. די מלחמה האט זיך געענדיקט. פוילן האט באקומען איר זעלבשטענדיקייט, און **דא האבן זיך אנגע־**פאנגען נייע צרות. דער איבערגאנג פון דער דייטשער הערשאפט צום זעלבשטענדיקן פוילן האט אין א געוויסער מאס באדראט די זיכער־הייטס באדינגונגען. פוילישע שיכורים און פאגראמטשיקעס האבן זיך געלאזט ווילגיין. אביסל געשלאגן און אויף אן איידעלן אופן געפרוווט ראבעווען ביי יידן. נאך א ווענדונג פון די יידישע פאר־שטייער צו די פוילישע ציטווייליקע מאכט, איז ארגאניזירט געווארן א מיליציע פון פאליאקן און יידן, און זיי איז איבערגעגעבן געווארן די שמירה איבערן שטעטל. איך בין געווען איינער פון די מיליציאנטן, און פיל מאל איז מיר אויסגעקומען שטעלן זיך אלס פארטיידיקער פאר א יידישן בירגער וועלכע די פוילישע מיליציאנטן האבן אבזיכט־לעך געוואלט שלעכטס טאן.

קורץ נאך דעם ווען אויך א טייל פון פאמאזשע איז איבערגע־גאנגען צו די פאליאקן האבן מיר געליטן פון די באוווסטע האלערט־שיקעס וועלכע האבן געשלאגן יידן, געשניטן בערד, און צוביסלעך אויך געראבעוועט.

איך מוז דא באצייכנען אז די מאכט איז נאך נישט געווען קיין ועזעצטע אין פוילן, עס האבן דעמאלט געהערשט צוויי מחנות — די סאציאליסטישע .P.P.S און די אויסגעשפראכענע נאציאנאליסטישע

פארטיי .N.D. דער קאמף איז געווען ווער זאל איבערנעמען די מאכט, אבער אינצווישן האבן די יידן געליטן פון עקסצעסן, נישט האבנדיק ווער עס זאל זיי שיצן. פון צייט צו צייט פלעגן זיך אראפלאזן אין שטעטל פארשיידענע פארדעכטיקע מיליטערישע און פאליציייאישע באַאמטע, וועמענס אויפגאבע איז געווען איינע: צו פארביטערן דעם לעבן פון די יידישע באפעלקערונג אין שטעטל, קאנפיסקירן סחורות, באגרענעצן דעם מסחר.

זיי האבן דערגרייכט א רעקארד בשעת דער באלשעוויסטישער אינוואזיע אין יאר 1920. זיי האבן באשולדיקט די יידישע באפעלקערונג אין שטעטל אז זיי העלפן די רוסישע סאלדאטן, ווייזן זיי אן אויף פוילישע מיליטערישע פאזיציעס, און גיבן זיי שפייז און סחורות. פארשטייט זיך אז דער רעזולטאט איז געווען ארעסטן און צרות אן א סוף. ערשט נאך אן אינטערווענץ פון די צענטראלע יידישע פארשטייערשאפט אין פוילן ביי די מיליטערישע מאכט, האט זיך די העצע קעגן די יידן אין שטעטל צו ביסלעך אפגעשטעלט.



ווען די באלפור דעקלאראציע איז ארויסגעגעבן געווארן האט זיך אנגעפאנגען א לעבהאפטע ציוניסטישע באוועגונג אין שטעטל, און דער חלום און שטרעבונג — הויפטזעכלעך פון די ציוניסטישע יוגנט — איז געווען וואס שנעלער פארלאזן דאס פינצטערע אנטיסעמיטישע פוילן. איך מיט מיין משפחה זענען געווען פון די ערשטע עולים קיין ארץ ישראל. נישט קוקנדיק אויף דעם וואס מיר זענען עקאנאמיש געווען אין א גוטער לאגע, האבן מיר דאך נישט געוואלט בלייבן אין פוילן און אין יאר 1921 זענען מיר אנגעקומען קיין ארץ ישראל.



יעקב יוסף ליכטענפעלד מיט זיין פרוי און טאכטער שרה וועכנע



יצחק ראזענוואקס
פֿון ערשטע דאבזשינער עולים אין ישראל. איינער
פון די איבערגעבענע קעמפער פאר דער זיכערהייט
פון ירושלים אין אנפאנג פון די צוואנציקער יארן.

**אליע צאלא**

# פיין און ליידן אין דער צווייטער וועלט מלחמה

## מיין היים

דאבזשין ביי דער דרעווענץ, דאס איז דער נאמען פון מיין שטעטל, ווו איך בין געבוירן און ערצויגן געווארן, און דארטן אויך דורכגעלעבט מיינע יונגע לעבנס־יארן. איבער דער דרעווענץ געפינט זיך דאס שכנותדיקע שטעטל גאלוב. אין דער אמתן זענען זיי ווי איין שטאט. נאר דער טייך דרעווענץ טיילט זיי פונאנדער. מיין נאמען איז אליהו צאלא, געבוירן דעם נײַנצענטן סעפטעמבער 1917.

איך בין א זון פון יוסף וואלף און מרים ז״ל, דער דריטער פון פינף קינדער, וועלכע האבן געלעבט ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה. די עלטסטע שוועסטער מיינע, רחל, איז געווען איינע פון די אינטערעסאנטסטע און אינטעליגענטסטע מיידלעך אין שטאט און דערצו אויך זייער א שיינע. שוין צו יענער צייט האט זי גוט געקענט די העברעאישע שפראך, אנטייל גענומען אין פארשיידענע געזעלשאפטלעכע ארבעט, און נאך דעם ווי זי האט געהייראט מיט אבי שטאלצמאן האבן זיי געבויט זייער היים אין בידגאשץ (Bydgoszcz), פאמעראניע.

אין די שפעטערדיקע יארן האבן זיי געהאלפן פיל דאבזשינער משפחות איינארדנען זיך אין בידגאשץ.

מיינע עלטערן ז״ל זענען געווען יידיש טראדיציאנעל געשטימט, סובטעל אין זייער אויפפירונג און שטיל אין זייערע באציאונגען, און אלס אזעלכע האט מען זיי געקאנט אין שטעטל. זיי זענען געווען איבערגעגעבן צו זייערע קינדער בלב ונפש, געגעבן זיי אלעס מעגלעכע, געזארגט פאר אנשטענדיקע ערציאונג, און זייער שטרעבונג איז געווען אז מיר זאלן אויסוואקסן ערלעכע, ארנטלעכע מענטשן צו גאט און צו לײַטן. די ליבשאפט זייערע צו די קינדער האט נישט געוווּסט קיין גרענעץ, און מיר האבן זיי צוריקגעגעבן קינדערלעכע ליבע, זיי רעספעקטירט פאר זייערע שיינע טאטן און תמיד מיטגעפילט און מיטגעלעבט, סיי אין מאמענטן פון פרייד און סיי פון שמערץ.



**אליהו צאלא**
**אין די קליידער פון אַן**
**ארעסטאַנט אין פערניכטונגס**
**לאגער, אושוויץ**

איך דערמאן זיך מיין פאטערס טאג טעגלעכן לעבנס־פראגראם, אי־בערהויפט אין די קאלטע ווינטער טעג. אט זע איך אים אויפשטיין גאנץ פרי ווען אין דרויסן איז נאך געווען חושך מצרים, נעמט דעם טלית און תפילין אונטער זיין ארם, און איינגעהילט אין א שווערן פאלטא, מיט א לאמטער־נע אין דער האנט, גייט ער אוועק מיט געמאסטענע טריט, אין שוהל דאווגען שחרית. איך זע אים צוריק־קומען ווען אונדזער מאמע האט שוין געהאט צוגעגרייט דעם פריש־טיק. אלע זעצן זיך צום טיש און עסן. נאר ווען מיר האבן די שטוב פארלאזט, ווער צום שול און ווער צום חדר, ערשט דעמאלט האט זיך אונדזער פאטער געזעצט צו זיין אר־בעט און איר געטאן מיט פלייס ביז שפעט. ער האט געטראגן אויף זיי־נע פלייצעס א שווערן עול, ווייל ער איז געווען דער איינציקער מפרנס פון דער גאנצער משפחה. עס האבן נישט געפעלט קיין פריינד וועלכע פלעגן אים באזוכן אין גאנג פון זיין ארבעט, און אן קיין כוונה, אים צו ביסלעך געשטערט. אבער ער האט אלעס מקבל באהבה גע־ווען. צוליב דעם איז ער אויך געווען אזוי באליבט ביי מענטשן.

טראץ זיין שווערע דאגה פרנסה האט ער אויך געפונען צייט פאר געזעלשאפטלעכע ארבעט. ער איז געווען דער פארזיצענדער פון „ביקור חולים" וואס איר אויפגאבע איז געווען צו פארזארגן קראנקע פון די ארעמע שיכטן, געבן זיי מעדיצינישע הילף, צו שאפן די מעגלעכקייטן ווען מען האט געמוזט אימעצן אפערירן. פיל מאל

פלעגט ער זיצן ביי א שווער קראנקן. זיין מסירות נפש צו העלפן א נויטבאדערפטיקן איז געווען צו באוואונדערן; פיל מאל פלעגט ער פארנאכלעסיקן זיין טאג טעגלעכע ארבעט, דעם קוואל פון זיין פרנסה, אבער פאר אים איז געווען די גרעסטע שמחה, אז ער האט ווען עס איז געקענט העלפן. ער איז אויך געווען א חבר אין די חברה קדישא. די עסקנות איז על פי רוב געווען אויפן חשבון פון דער פרנסה. אבער ער האט זיך דערמיט נישט גערעכנט גלויבנדיק אז מען דארף קיין מצווה נישט אויסמיידן און עס איז צו באצייכנען מיט דער גרעסטער אכטונג — פאר אזא ייד פון א גאנץ יאר — זיין איבערגעבענהייט, וויפל הארץ און נשמה ער האט געגעבן דעם געליטענעם, מיטגעפילט דעם אונטערדריקטן, שטענדיק געווען גרייט צו העלפן, ווען אויך מיט באגרענעצטע מיטלען.

אליין איז ער געווען א מסתפק במועט. געהאפט און געחלומט צו זען זיינע קינדער פראגרעסירטע און פארגעשריטענע. אבער ליידער האט ער דאס נישט דערלעבט. ער איז נפטר געווארן נאך א קורצע קראנקהייט — אין יונגן עלטער פון 52 יאר. א שווערער טרויער האט ארומגענומען אונדזער פאמיליע. אויך דאס גאנצע שטעטל האט מיט אונדז מיטגעטרויערט. מען האט דערציילט איינער דעם צווייטן די גוטע מידות פון אונדזער געטרייען פאטער און איבערגעגעבענעם חבר פון קהילת דאבזשין.

## יוגנט אין דאבזשין

ווען איך מיש איבער אין געדאנק די בלעטער פון מיין פארגאנגענהייט אין דאבזשין זע איך פאר מיר די שיין געוואקסענע יוגנט וועלכע איז צום גרעסטן טייל געווען ציוניסטיש געשטימט.

איך דערמאן זיך אין דעם ציוניסטישן קלוב „התחיה" צו וועלכן איך האב געהערט. דארט פלעגן מיר זיך אפט צוזאמענקומען, לערנען די העברעאישע שפראך, זינגען, טאנצן ארץ ישראל טענץ און דיסקוטירן פארשידענע פראבלעמען. אין נאציאנאלע פייערונגען ווי ל"ג בעומר, אדער חנוכה, הרצלס יארצייט. א. אוו. פלעגן מיר מארשירן איבער די דאבזשינער גאסן מיט ווייס בלויע פאנען זינגענדיק נאציאנאלע לידער וועלכע זענען געווען דער אויסדרוק פון דער גרויסער בייגקשאפט צו ארץ ישראל.

טראץ די מיינונגס פארשידענהייטן האט די דאבזשינער יוגנט

געלעבט ווי איין משפחה און זיך נישט גערעכנט מיט קלאס און שטאנד. די קעגנזייטיקע הילף איז געווען א טאג טעגלעכע ערשיינונג. אלע האבן פארשטאנען אז מען דארף זיין פאראייניקט קעגן די פוילישע אין שטעטל וועלכע האבן געזוכט פארשיידענע געלעגנהייטן אונדז שלעכטס טאן.

בדרך כלל האט די יוגנט אין דאבזשין נישט שלעכט פארבראכט. זומער פלעגן מיר מאכן פארשיידענע אויספלוגן, שפילן פוסבאל, ווינטער האבן מיר פארבראכט אין גליטשן זיך אויף דער געפרוירענען דרעווענץ עטלעכע קילאמעטער ווייט אוועק. די זומער אויספלוגן זענען געווען געווידמעט צו טרעפן זיך מיט די יוגנט פון די שכנותדיקע שטעטלעך. טייל מאל אין ריפין און זייער אפט אין מלאווע. אפילו מיט יארן שפעטער ווען מיר זענען שוין געווען דערוואקסענע בחורים און פיל פון אונדז זענען זיך צעפארן צו זוכן עקזיסטענץ אין פארשיידענע שטעט אדער אפילו אין אויסלאנד, איז די פריינדשאפט נישט איבערגעריסן געווארן; מיר האבן קארעספאנדירט און געהיט דעם פונק פון דער אמאליקער פריינדשאפט. דאס איז געווען דאבזשין.

## אין פוילישן מיליטער

אינצווישן האט דער אנטיסעמיטיזם געווילדעוועט אין פוילן און די יוגנט האט דערפון זייער פיל געליטן. איך דערמאן זיך אז ווען מיין יינגערער ברודער, שאול, איז אוועק דינען אין דער פוילישער ארמיי, האט ער זיך זייער פיל אנגעליטן פון די פוילישע סאלדאטן־חוליגאנעס וועלכע האבן געזוכט צו פארשווערן דעם לעבן פון יידישן סאלדאט. נאך שווערער איז געווארן די לאגע פון די יידישע סאלדאטן אין דער פוילישער ארמיי בשעת היטלער האט איבערגענומען די מאכט אין דייטשלאנד. אויך דער זיכערהייטס צושטאנד אין די קליינע שטעטלעך האט זיך פארערגערט און כמעט קיין ייד איז נישט געווען זיכער ארויסגיין ביינאכט פון זיין הויז. תמיד זענען זיי צעשלאגן געווארן פון די פוילישע באנדיטען.

ווען איך בין מאביליזירט געווארן צום פוילישן מיליטער האב איך באשלאסן נישט לאזן זיך טרעטן פון די אנטיסעמיטישע פוילישע סאלדאטן. מער ווי איין מאל בין איך באליידיקט געווארן אלס ייד נישט נאר פון א פשוטן סאלדאט נאר אויך פון אן אפיצער. אבער איך האב אלע מאל אפגעענטפערט נישט רעכענענדיק זיך מיט די

רעזולטאטן; אין דעם הינזיכט האב איך אפילו געהאלפן אנדערע יידישע סאלדאטן.

אין יאר 1939, ווען אין דער לופט האט זיך שוין געפילט דער ריח פון מלחמה בין איך געווען אויף מאנעווערעס אין א וואלד נאנט פון דאבזשין. איך האב דעמאלט געבעטן מיין אפיצער אז ער זאל מיר ערלויבן אויף א טאג, צוויי באזוכן מיין היים, און אנגעגעבן אלס סיבה אז מיין מוטער איז קראנק. ער האט עס נישט געטארט טאן, אבער ער האט מיין בקשה דערפילט. זעט אויס אז עס זענען נאך געווען פיינע פאליאקן אפילו אין מיליטער. איך וויל באצייכנען אז א דאנק דעם באזוך האב איך געהאט די געלעגנהייט צו זען מיין מוטער דאס לעצטע מאל פאר איר פטירה.

קורץ נאך מיין באזוך אין דאבזשין האט זיך אנגעפאנגען די מלחמה. די דייטשן האבן אונדז אומאויפהערלעך באמבארדירט. מיר זענען געלעגן אין די גראבנס וואס מיר האבן פריער צוגעגרייט. אבער דעם אמת געזאגט האבן מיר נישט געהאט מיט וואס זיך צו פארטיידיקן.

דאס ביסל הארמאטן, וואס מיר האבן געהאט זענען נישט געווען קיין אביעקט צו קעגנשטעלן זיך די דייטשע ארגאניזירטע מיליטערישע כוחות. שנעל איז זיך דער גרעסטער טייל פון דעם מיליטער צולאפן, איבערלאזנדיק דאס געווער און זוכנדיק אן ארט ווו צו באהאלטן זיך, און שיצן זיך קעגן די דייטשע באמבעס. איך אליין האב זיך באהאלטן אונטער אן הארמאט, און בין דארט געלעגן א לאנגע צייט ביז דאס באמבארדירן האט אויפגעהערט.

נאך דעם האבן זיך די פוילישע סאלדאטן צונויפגענומען און אנגעפאנגען שפאנען איבער פעלדער און וועלדער, האבן אבער נישט־געהאט קיין ציל און נישט געוווסט וווהין צו גיין. בריקן זענען אויפגעריסן געווארן פון די פוילישע סאפיארן, און דאס האט דעם פוילישן מיליטער געשטערט נישט ווייניקער ווי די דייטשן.

ערשט דעם דריטן טאג, קומענדיק אין די געגנט פון קוטנא, האט מען אונדז געזאגט אז ווען מיר וועלן קומען נענטער צו די ווייסל, וועלן מיר שטעלן א ווידערשטאנד. אבער באלד נאך דעם האט זיך ארויסגעצייגט אז מיר זענען ארומגערינגלט פון דריי זייטן. ס'איז געקומען א באפעל צו עפענען מיט פייער פון דאס גאנצע געווער וואס א־ז געווען אין אונדזער באזיץ. טויזנטער סאלדאטן האבן געשאסן אן א ציל פון ביקסן און הארמאטן א גאנצע נאכט. ערשט



**יעקב דראטווא**
**אין די קליידער פון**
**א פוילישן סאלדאט**

ווען עס האט אנגעהויבן טאגן האבן מיר געזען אז מיר זענען שוין ארומגערינגלט פון אלע פיר זייטן, און דייטשע עראפלאנען פליען איבער אונדז.

מיר האבן אפגעשטעלט דאס שיסן, און ס'האט זיך אנגעהויבן א לויפעריי פון צענדליקע טויזנטער סאלדאטן. איך האב געכאפט א פערד און רייטנדיק זיך געלאזט אין א וועג וואס איז מיר געווען אינגאַנצן אומבאקאנט. כ'האב געוואלט וואס מער זיך דערווייטערן פון די גרויסע מיליטערישע מחנה. אויפן וועג האב איך געטראפן טויזנטער סאלדאטן וואס די מערסטע פון זיי זענען געלאפן אין דער ריכטונג פון ווארשע, אבער אויך איבערן וועג האבן אונדז דערגרייכט די דייטשע עראפלאנען און אומברחמנותדיק באמבארדירט.

איך האב זיך אויסבאהאלטן אין א וואלד, אבער נאך 2 טאג און עסן האב איך אנגעפאנגען זוכן א שטיקל ברויט צו שטילן דעם הונגער. כ'בין אריין אין א דארפישן הויף און דארט האב איך באמערקט א באקאנטן געזיכט, דאס איז געווען נחמן ענגלער פון דאבזשין. זיין העלם איז געווען דורכגעשאסן פון א בלינד קויל. מיר האבן זיך נישט באוויזן אפילו ריכטיק דורכריידן און שוין איז ער מיר פארלוירן געגאנגען און מער האב איך אים נישט געזען. שפעטער האב איך זיך דערוווּסט אז די דייטשן האבן אים דערשאסן אין געפאנגען לאגער, צוזאמען מיט אנדערע צענדליקע יידישע סאלדאטן פון דער פוילישער ארמיי.

דערווייל זענען אונטערגעקומען צענדליקע און הונדערטער סאלדאטן, און ז'י מחנה איז געוואקסן פון שעה צו שעה. ווען זייער צאָל האט דערגרייכט א פאר טויזנט איז אנגעקומען א באפעל צו דורכברעכן דעם פראנט, און פאר יעדן פרייז אנקומען קיין ווארשע.

מיר האבן מארשירט איבער פעלדער, אבער די דייטשע עראפּלאנען האבן אונדז אומאויפהערלעך באמבארדירט. צענדליקע סאלדאטן זענען געפאלן טויט ארום מיר. איך האב ממש געטראטן אויף זייערע קערפּערס, אבער איך האב קיין ברירה נישט געהאט און געמוזט גיין ווייטער ווייל די אפיצערן האבן אנגענומען א טאקטיק פון גיין הינטער די סאלדאטן מיט אויסגעשטרעקטע רעוואלווערן, אז מיר זאלן נישט אנטלויפן און זיך נישט אונטערגעבן אין געפאנגענשאפט.

## אין געפאנגענשאפט

אזוי זענען מיר געגאנגען אין א טיפן נעפל, אבער ווען עס איז ליכטיק געווארן האבן מיר באמערקט פון דער ווייטנס דייטשע ארטילעריע וועלכע שפרייט זיך איבער די פעלדער. די סאלדאטן האבן שוין דעמאלט נישט געווארט אויף קיין באפעל. הונדערטער פון זיי האבן אויפגעהאנגען אויף זייערע ביקסן ווייסע טיכלעך אלס צייכן אז זיי גיבן זיך אונטער. פארשטייט זיך אז מען האט אונדז ארומגערינגלט, צוגענומען דאס געווער און אויך פארשיידענע אנדערע זאכן וועלכע האבן נאר געהאט דעם מינדעסטן ווערט. מען האט אונדז קאנצענטרירט אין א פרייען פעלד. ארום אונדז א פּאר צענדליק בוואפנטע דייטשע סאלדאטן וועלכע האבן די גאנצע צייט געדראט אונדז צו דערשיסן פאר דעם שרעקלעכן חטא וואס מיר האבן פארוואונדעט — בעת דעם קאמף — א דייטשן אפיצער און עטלעכע סאלדאטן. איך, דער ייד, האב פארשטאנען די פאלגן פון די דראונגען. אבער כ'בין געווען א געפאנגענער און דער גורל מיינער ווי אויך פון אלע אנדערע יידישע סאלדאטן איז געווען אפהענגיק פון יעדן דייטשן סאלדאט וואס האבן אונדז געהיט. זיי האבן געגעבן א באפעל אז אלע יידישע סאלדאטן וואס געפינען זיך אין דער גרויסער מחנה פון טויזנטער פוילישע סאלדאטן זאלן ארויסטרעטן, אבער ווייניק האבן זיך ארויסגעשטעלט.

שפעטער האט מען אונדז אריבערגעפירט גרופנווייז אויף א גרויסן פלאץ וואס איז געווען ארומגעצוימט מיט שטעכעדיקע דראט. ערשט דארט און ווייטער האבן מיר געזען דעם דייטשן כוח אויף דער פוילישער טעריטאריע. איך האב זיך געטראכט: אט מיט דעם מיליטער און מיט אזא געווער האט פוילן געוואלט פירן א מלחמה!

מיר זיצן שוין 2 טאג אויף דעם פעלד און א גרויסע קעלט נעמט אונדז ארום, מיר האבן ממש נישט מיט וואס זיך צודעקן, מיר לייגן זיך איינער נעבן צווייטן כדי אזוי ארום זיך אביסל דערוואַרעמען. אנדערע גייען איבערן פלאץ א גאנצע נאכט ווייל ליגנדיק פילן זיי נאך מער די קעלט. אויך דאס עסן וואס מיר באקומען גענוגט נישט צו שטילן דעם הונגער. פרויען פון א דערבייאיק שטעטל, ווארפן אונדז אריבער דעם צוים ברויט און אנדערע עסנווארג ווי ווורשט אד"ג. טרעפט זיך אז דער ברויט פאלט צווישן די דראטן. דער זעלנער וועלכער כאפט זיך אריינקריכן צווישן די דראטן אויף ארויסנעמען דאס שטיקל ברויט באקומט א קויל פון דער דייטשער וואַך און ער פאלט טויט. בכלל זענען דאס טאג טעגלעכע געשעענישן. אט אזוי האָבן זיך אויפגעפירט די דייטשע סאלדאטן מיט די פוילישע קריגסגעפאנגענע אין די לאגערן.

נאך א וואך צייט ווײלן אין דעם לאגער איז געקומען א באפעל צו איבערפירן אונדז אין אן אנדער לאגער, נאך עטלעכע שעה גיין האבן מיר זיך געפונען אויף א פלאץ פול מיט באראקן. מען האט אונדז צוטיילט, אפיצערן באזונדער און סאלדאטן באזונדער, אבער אין אלגעמיין איז די לאגע פון די געפאנגענע אין דעם נייעם פלאץ נישט געווען בעסער פון פריערדיקן. קעלט און הונגער און אן וועלכע ס'איז מעגלעכקייט צו באקומען פון וועלכן ס'איז פלאץ עפעס צו קויפן. געפאנגענע סאלדאטן וועלכע זענען באפאלן א וואגן מיט ברויט וואס איז געווען באשטימט פאר די געפאנגענע אין לאגער זענען דערשאסן געווארן. די יידן וועלכע זענען געווען קאנצענטרירט אין ספעציעלע באראקן האבן געמוזט טאן די שמוציקסטע ארבעט. איך האב זיך נאך אלץ אויסבאהאלטן צווישן די פוילישע סאלדאטן און האב פיגורירט אלס א פאליאק און דאס א דאנק מיין קארפאראל, וועלכער האט געבעטן די פוילישע סאלדטן צווישן וועמען איך האב געוויילט — אז זיי זאלן מיך נישט פארראטן.

איין טאג זענען ארויסגערופן געווארן אויפן פלאץ עטלעכע צענדליקע געפאנגענע און איך צווישן זיי, און די מעלדונג איז געווען: „יעדער פון אייך דארף איבערפירן 5 פערד צו א געוויסן פלאץ וועלכער איז בערך 200 קילאָמעטער פון געפאנגען־לאגער. אויב ער וועט דאס אויספירן באקומט ער די פרייהייט און ער קען זיך אומקערן א היים". כאטש דאס איז נישט געווען קיין לייכטע אויפגאבע, פונדעסטוועגן האב איך זיך זייער דערפרייט. מיר האבן אנגעהויבן גיין און יעדן

מאל האט זיך אונדז אויסגעדאַכט אַז מיר וועלן נישט זוכה זיין צו דערגרייכן אונדזער ציל, ווייל וויפיל מיר זענען מיד געוואָרן האָבן די פערד געליטן נאָך פיל מער פון מידקייט און פיל פון זיי זענען געפאַלן אויפן וועג. איך דערמאָן זיך אַז גייענדיק איבער דעם לאַנגן וועג זענען מיר אַדורכגעגאַנגען לאָדזש. צענדליקע פרויען זעענדיק אונדז און די פוילישע מיליטערישע מונדירן פאַרשוואַרצטע און ערמידעטע האָבן אונדז אָקעגנגעטראָגן ברויט מיט ווורשט, צוקערלעך און אַנדערע זאַכן צום עסן. דעם לעצטן טאָג פון דעם מאַרש האָב איך שוין געפילט אַז ס'איז געענדיקט. די פיס זענען שוין געווען פול מיט בלאָטערן, כ'האָב שוין ממש נישט געקענט שטעלן קיין טריט, אָבער דער ווילן צו לעבן איז געווען אַזוי שטאַרק אַז איך האָב איבערגעקומען אַלע ווייטאָקן און בין ענדלעך דערגאַנגען צום באַשטימטן פּלאַץ. סך הכל זענען געבליבן 2 פון די פינף פערד וואָס איך האָב געפירט. אויפן וועג פלעגן מיר טרעפן דייטשע סאָלדאַטן און איך פלעג זיך צוהערן צו זייערע שמועסן. יעדער האָט זיך באַרימט מיט די צאָל יידן וואָס ער האָט אויסגעהרגעט. די פערד וואָס האָבן נישט געקענט גיין האָבן די דייטשן אויפן וועג דערשאָסן. די איבריקע פערד האָבן די דייטשן צוטיילט צווישן די פויערן אין דער אומגעגנט. נאָכן צווייטן טאָג פון מיין אָנקומען האָט זיך אַ דייטשער סלדאַט צופעליג דערוווּסט אַז איך בין אַ ייד. ער האָט אָנגעפאַנגען שרייען און אַלעמען דערציילן אַז מען דאַרף מיך פון דאַנען אַפּרוימען. איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן און ס'איז מיר געלונגען.

## אויפן וועג אַ היים

דעם צווייטן טאָג האָט מען אונדז געמאָלדן אַז די אַלע וואָס האָבן איבערגעפירט די פערד זענען באַפרייט און קענען גיין אַ היים. צו מיין שמחה איז נישט געווען קיין גרענעץ. דערווייל האָב איך זיך דערוווּסט אַז אין איינעם פון די באַראַקן געפינען זיך אָפּגעטיילטע צענדליקע יידן. איך האָב געזוכט אַ וועג ווי אַזוי זיך פאַרשטענדיקן מיט זיי. איך האָב זיך געטראַכט אפשר האָבן זיי עפּעס איבערצוגעבן, יעדנפאַלס האָב איך פאַרשטאַנען אַז עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט זיך דורכריידן מיט זיי. נאָך אַ פּאָר שטונדן בין איך שוין געווען ביי זיי. אַ טייל פון זיי האָבן מיך דערקענט, זיי האָבן זיך זייער דערפרייט מיט מיר און געבעטן איבערגעבן זייערע עלטערן אַז זיי געפינען זיך

דא. איך בין גלײַך אוועק קיין לאדזש ווו איך האב נאך געהאפט צו טרעפן זיך מיט מײַנע שוועסטער.

אנגעקומען קיין לאדזש בין איך אוועק צו מײַנעם א פרײַנד בײַ וועמען איך האב געארבעט די לעצטע 3 יאר פארן אויסברוך פון דער קריג. דער מענטש איז געווען אינגאנצן פארצווייפלט. די לאגע אין לאדזש איז געווארן ערגער פון טאג צו טאג. און דאס איז נאך איז געווען פארן געטא. איך בין ארויס אין גאס קויפן א ברויט, וואס איז שוין געווען שווערלעך צו באקומען. בײַ די קלייטן זענען געשטאנען גרויסע רייעס צו קויפן א ביסל שפײַז. איך האב זיך אוועקגעשטעלט צוגלייך מיט אלעמען. א קארפאראל פון דער פאליציי האט געהאלטן די ארדונג און דער האט מיך גלייך דערקאנט. דאס איז געווען מײַנער א פרײַנד מיט וועמען איך האב צוזאמען געארבעט בעפאר די מלחמה. אייגענטלעך איז ער אויך געווען א דייטש אבער ווייט פון שלעכטס צו טאן יידן. אלס צייכן פון גוטע פרײַנדשאפט האט ער מיר גלייך באזארגט מיט עטלעכע ברויטלעך. איך האב באצאלט און שיין באדאנקט און בין צוריק אוועק צו מײַן פרײַנד.

נאך דעם זעלבן טאג האבן איך זיך דערוווּסט אז מײַן טייערער ברודער, שאול, איז אנגעקומען פון בידגאשץ און געפינט זיך בײַ פאמיליע קירשטיין אויף די פאמארסקע גאס. איך בין גלייך אוועק צו אים ער האט ממש נישט געגלויבט זײַנע אייגענע אויגן זעענדיק מיך ווייל אלע זענען געווען זיכער אז איך בין אומגעקומען אין דער מלחמה. ער האט מיר שוין דערציילט וועגן די גאנצע פאמיליע. דאס אומגליק וואס האט געטראפן מײַן יינגערן ברודער, שלמה, וועלכער איז דער־שאסן געווארן אויף די גאס אין בידגאשץ דורך אן עס־עסניק. מײַן שוועסטער רחל מיט איר מאן, אברהם שטאלצמאן, זענען אוועק צו אייזיקן קיין קוטנא.

נישט געקלערט צופיל, בין איך אריבערגעפארן קיין קוטנא, אבער לײַדער האב איך זיי שוין דארט נישט געטראפן. ווי מ׳האט מיר דארט דערקלערט זענען זיי אוועק קייןווארשע מיט דער האפנונג צו דערשלאגן פון דארט קיין רוסלאנד. איך האב זיך געפרוּווט אריבערכאפן קיין ווארשע אבער צוקומענדיק צום באנהויף האב איך געזען אז דאס איז אן אוממעגלעכע זאך, דער צוג איז געווען פול מיט מיליטער און מען האט קיין פריוואטע מענטשן נישט צוגעלאזט. דאן האב איך באשלאסן צו פארן אהיים. פארבײַפארנדיק דאס שטעטל קרושניעוויץ, 9 קילאמע־טער פון קוטנא, האב איך זיך דערמאנט אז איך האב דאָרט א פעטער

און איך בין אוועק צו אים. אריינקומענדיק צו זיי האב איך באמערקט דאס טרויעריקייט אין הויז: דעם פעטער האט מען אוועקגענומען אויף שווערע ארבעט. שוין דער צווייטער טאג, וואס מען זעט אים נישט. א דייטשער אפיצער וועלכער האט מיך געזען אין דער וווינונג אין דעם פוילישן מיליטערישן מונדיר האט מיר גלייך באפוילן צו פארלאזן די וווינונג. איך בין וואס שנעלער ארויס. ערשט שפעטער האב איך זיך דערוווסט אז די דייטשן האבן מיין פעטער דערשאָסן אין מיטן מארק.

אויפן וועג קיין דאבזשין האב איך אפגעטראטן אין פארשיידענע שטעטלעך, ווו איך האב צוגעזען די יידישע צרות. אומעטום דער זעלבער חורבן: מ'שלאגט און מען מארדעט יידן, שוין אפגערעדט פון הונגער און נויט.

קיין דאָבזשין בין איך אנגעקומען אין די אוונט שעהן. איך בין אוועק צו הירש ברוך דראטווע וועלכער האט געוווינט אין עק שטאט. אריינגעקומען צו אים האט ער צוויסן געגעבן מיין פעטער מעכעל צאלא, וועלכער האט מיר גלייך צוגעשיקט ציווילע קליידער. איך האב זיך איבערגעטאן אבער דאס הויז האב איך נישט פארלאזט. נאך דעם ווי איך האב געהערט פון די גוטע מעשים וואס די היטלער באנדיטן האבן אפגעטאן אין דאבזשין. א טאג האט געיאגט א טאג, פרשיי־דענע שמועות זענען ארומגעגאנגען, אבער קיינער האט נישט געוווסט וואס דער מארגנדיקער טאג וועט ברייננגען.

איך האב געהערט פון דעם ביטערן גורל פון די יידן אין בידגאשץ און בין שוין דעריבער אהין נישט געפארן. פרויען האבן געוואוּרט אז זייערע מענער ווען די דייטשן האבן פארשלעפט צו „ארבעטן" ערגעץ ווו זאלן זיך אומקערן; עלטערן — אויף זייערע קינדער, אבער די האפנונג איז נאר געווען א פאלשע אילוזיע. זיי זענען שוין לאנג אויף דער וועלט נישט געווען. צוויי טעג נאכדעם ווי מען האט זיי ארויסגענומען פון די שוהלן און הייזער האט מען זיי דערהרגעט און א וואלד נעבן אינאווראצלאוו. די געציילטע מענער וועלכע זענען פארבליבן אין שטעטל האט מען מאביליזירט אויף טאג טעגלעכע ארבעט.

### מען אנטלויפט פון דאבזשין

די גאנצע צייט בין איך פון שטוב נישט ארויס ביז דעם 9טן נאוועמבער 1939, עס איז געקומען דער טרויעריקער באפעל צו ארויסטרייבן אלע יידן פון שטעטל. דאס איז געווען צוויי וואכן נאך

מיין אנקומען קיי דאבזשין. נישט געטראכט האב איך זיך אנגעשלאסן אן די גרויסע מאסע וואנדערנדיקע דאבזשינער יידן אויף דער הויפּט וועג קיין ריפין, בייטאג האבן מיר געוואנדערט און ביינאכט זענען מיר אריין צו די פויערן וועלכע האבן אונדז געגעבן אן ארט צו שלאפן. מיר האבן געקויפט א פערד און א וואגן כדי מיר זאלן קענען פירן די קליינע קינדער און עלטערע מענטשן וועלכע האבן שוין נישט געהאט קיין כוח צו גיין. נאך עטלעכע טעג וואנדערן זענען מיר אנגעקומען צו דער רוסישער גרענעץ. אבער דאס רוסישע מיליטער האט אונדז בשום אופן נישט געלאזן איבערגיין די גרענעץ, און נאך דעם ווי מיר זענען אפגעשטאנען 2 טעג און 2 נעכט אין קעלט, משפחות מיט קליינע קינדער, האבן מיר געמוזט בלית ברירה זיך צוריק אומקערן אויף די זעלבע וועג וואס מיר זענען געקומען. צוריק פארנדיק זענען מיר אריין אין פלאנסק. די לאגע פון די איבערגעבליבענע יידן דארט איז געווען א שרעקלעכע און מיר האבן איינגעפונען אז פאר אונדז איז דא קיין פלאץ נישטא. מיר זענען געווען 2 מענער, 4 פרויען און פינף קינדער.

אין המשך פון אונדזער וועג זענען מיר אנגעקומען אין א שטעטל מיטן נאמען דראבין. אויך דא איז אונדז נישט לייכט אנגעקומען דאס צייטווייליקע איינארדענען זיך, נאר מיר האבן באשלאסן דערווייל דא בלייבן. איך און מיין פעטער האבן זיך א לאז געטאן מיטן פערד און וואגן אויף דער אומגעגנט צו שאפן זיך א ביסל עסן און האלץ אויף צו דערווארעמען. מיר זענען געשלאפן אין א קאלטע שטוב אויפן פאל, און מיר האבן געזארגט פאר די קינדער אז זיי, לפחות, זאל זיין ווארעם. מיין פעטער איז געווען מיט אונדז און אויך זיין אלטע מאמע וואס ער האט ארויסגענומען פון ריפין און געבראכט צו אונדז אין אומשטענדן פון גרויס סכנה. א פאר וואכן שפעטער איז זי געשטארבן אין דראבין און איז דארט געקומען צו קבר ישראל.

אין לויף פון דער צייט איז געווארן זייער שווער צו באקומען א ביסל שפייז צו קויפן ווייל די דייטשן האבן אלעס צוגענומען. מיר האבן ממש געליטן הונגער. נאר דורך א צופאל איז אונדז געלונגען — אדאנק מיין פעטער — זיך איינארדענען אין א דארף נעבן דראבין. מיין פעטער איז געווען א שניידער און די פויערן זענען געווען פאראינטערעסירט ער זאל פאר זיי נייען, האבן זיי אים דערפאר געגעבן א צימער און מיר אלע האבן געוואסן פון דער געלעגענהייט. מיר האבן

געהאט ווי דעם קאפ אוועקצולייגן. אויך עסן האט אונדז נישט געפעלט און אזוי זענען מיר אדורך דעם שווערן ווינטער 40—1939.

## מען רודפט אונדז

שפּעטער איז געקומען א באפעל צו שטעלן זיך צו ארבעט פאר די דייטשן. איך וויל אונטערשטרייכן אז יעדער באפעל צו שטעלן זיך צו ארבעט איז געווען באגלייט מיט א דראהונג אז די וואס וועלן זיך נישט צושטעלן דראט טויטשטראף. פארשטייט זיך אז כמעט אלע האבן זיך צוגעשטעלט. איך בין אוועק ארבעטן צו א דייטשע פירמע וואס בויט שאסייען. דער פלוס פון דער ארבעט איז געווען אז מען האט באקומען באצאלט און מען האט געקענט זיך קויפן עסן, און מער האט מען מיך צו קיין אנדערע ארבעט נישט געכאפט.

אזוי זענען אוועקגעלאפן עטלעכע מאנאטן, ביז צו א נייעם באפעל אז אלע יידן וועלכע האבן נישט געוווינט אין דראבין ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה דארפן זיך צושטעלן אויפן מארק פלאץ. אזוי ווי אויך מיין פעטער מעכעל זענען געקומען פון דארף זיך צושטעלן. אזוי שטייענדיק אופן מארק האט זיך צו מיר צוגעטשעפעט א דייטשער סאלדאט און מיר דאס היטל געוואלט אראפוואַרפן. איך האב זיך נישט געלאזט און דערפאר האט ער מיך בלוטיק צעשלאגן. צו מיין גרויסן מזל זענען שוין געשטאנען די לאסט אויטאמאבילן אין וועלכע מען האט אונדז אנגעלאדן און גלייך אוועקגעפארן, אנדערש ווער ווייסט ווי איך וואלט פערענדיקט. מען האט אונדז אוועקגעפירט אין צענדליקע לאסט מאשינען נישט ווייסנדיק וווהין מיר פארן.

ענדלעך זענען מיר אפגעשטיגן אין א לאגער נעבן דזשאלדאווא. דארט האבן מיר שוין באמערקט פון דער ווייטנס די פארשאלטענע עס־עס־ניקעס מיט אויסגעשטעקטע בייטשן אום זיך פריילעך מאכן איבער אונדזערע קערפערס. זיי זענען געווען אויס געשטעלט אין צוויי רייען און צווישן די רייען זענען מיר דורכגעגאנגען אין די באראקן אריין. עס איז נישט צו באשרייבן די געשרייען און דאס געוויין פון די אומברחמנותדיק צעשלאגענע. צענדליקע צעבלוטיקטע, און די וואס האבן זיך שוין כלל נישט געקענט אויפהויבן, בעיקר עלטערע מענטשן, זענען געבליבן ליגן פארן ארייננגאנג אין די באראקן. איך בין אפגעקומען מיט עטלעכע שווערע טרוקענע קלעפּ. אבער איך האב זיי נאך א לאנגע צייט שטארק געפילט. דער לאגער אין וועלכן מיר זענען אריין

איז געווען א דורכגאנגס לאגער. נאך עטלעכע טעג האט מען אונדז אנגעלאדען אין א צוג וועלכער האט אונדז געבראכט קיין פיאטרקאוו טריבונאלסק נישט ווייט פון לאדזש, און אונדז דא געלאזן אן מיטלען צום לעבן און אויך נישט ווו צו וווינען. מיין פעטער מעכעל האט אפגעזוכט א באקאנטן וועלכער האט אים באזארגט מיט א ניי מאשין און א ווינקל פאר ארבעט. אין אלגעמיין איז די לאגע אין פיאטרקאוו נישט געווען קיין געהויבענע. עס זענען ארומגעגאנגען פארשיידענע קראנקהייטן פון וועלכע פיל מענטשן זענען אויסגעשטארבן. קיין עסן איז נישט געווען. האב איך באשלאסן אוועקצוגיין פון פיאטרקאוו, און וואס שנעלער. לויט ווי איך האב זיך שפעטער דערוווסט האט מען מיין פעטער מעכעל מיט די גאנצע פאמיליע אוועקגעשיקט קיין טרעבליאנקא. און דארט זענען זיי אלע אומגעקומען.

איין אוונט האב איך אראפגענומען דעם בלוי ווייסן פאס, אוועק צו דער באן סטאציע, געקויפט א בילעט קיין ווארשע און מיט דעם פארענדיקט מיין ווילן אין פיאטרקאוו. פאר א ייד איז די רייזע קיין ווארשע אין יענער צייט געווען א גרויסע סכנה, אבער איך האב זיך ווי עס איז דערשלאגן אהין. מיר זענען אנגעקומען אין די אוונט שעהן. אלע פאסאזשירן זענען געבליבן אויפן וואקזאל, און דערווייל זיך א ביסל דורכגעשלאפן. איך בין געזעסן אין א ווינקל מיטן קאפ ארונטערגעלאזט, אז דער דייטשער זשאנדארם זאל מיך נישט צופיל באמערקן.

ווען עס האט אנגעהויבן טאגן בין איך ארויס אויף דער גאס, גענומען א דראזשקע ער זאל מיך אריבערפירן די בריק קיין פראגע. פון די גרופע דראזשקאזשעס האט איינער א געשריי געטאן „דאס איז דאך א ייד, נעם אים נישט; וועסט האבן צרות". אבער ער האט דארויף קיין אכט נישט געלייגט און איך בין מיט מזל אריבערגעפארן די בריק און אנגעקומען קיין פראגע. אינטערעסאנט, ער האט ביי מיר קיין איבעריקס נישט פארלאנגט, טראץ דעם וואס איך האב אים געוואלט געבן. ער האט ביי מיר גענומען נאר פאר דער רייזע. א שעה שפעטער בין איך שוין געזעסן אין צוג וואס פארט אין די געגנט פון מלאווע. איך בין אויס פארזיכטיקייט נישט אראפגעגאנגען אויף דער סטאציע מלאווע נאר איין סטאציע פאר מלאווע.

אויף דער דארף סטאציע האב איך באגעגנט פוילישע פויערן וועלכע האבן מיך געווארנט נישט פארן קיין מלאווע, ווייל דארט כאפן די דייטשן די יידן און שיקן זיי אוועק אדער שיסן זיי אויפן

פלאץ. איך בין אלזא אוועק אין דער ריכטונג פון טשעכאנאוו. עס איז געווען א זונטיק און איך בין געגאנגען צוזאמען מיט די פויערן ווי איינער פון זיי, און נאך א שווערן וועג אנגעקומען קיין טשעכאנאוו.

איך האב זיך דערוווּסט אז אין טשעכאנאוו איז דא א יודענראט, און האב געזוכט א פארבינדונג מיט זיי, אבער אינצווישן איז געווארן א טומל. די דייטשן האבן באלאגערט עטלעכע גאסן און געזוכט באהאלטענע יידן. איך האב זיך באהאלטן אין א פארלאזטע הויז און דארט איבערגעזעסן ביז ס'איז געווארן שטיל. שפעטער האב איך געהערט טריט נעבן מיר, אבער איך האב געזען אז דאס זענען אונדזערע און איך בין ארויס. זיי האבן מיר אינפארמירט ווי צוצוקומען צום יודענראט. דארט האט מיר איינער פון זיי דערקלערט אז דער אויפהאלט אין טשעכאנאוו פאר א נישט ארטיקן ייד איז געפערלעך, און זיי האבן מיר געראטן אריבערפארן קיין מלאווע, דארט איז דא א געטא פאר יידן און דארט וועל איך זיך קענען אויסבאהאלטן. זיי האבן מיר געהאלפן לייזן די פראגע ווי אזוי צו קומען קיין מלאווע. אין איינעם פון די לאסט אויטאס וואס האבן געפירט גרינצייג און קארטאפל האבן זיי מיר באזארגט א פלאץ צווישן די קאסטנס און איך בין אנגעקומען בשלום קיין מלאווע, און נאך פיל מי, מאטערניש און שרעק בין איך ענדלעך אריין אין געטא.

## אין געטא מלאווע

טראץ מיין שווערע לאגע האט מיך ארומגענומען א שרעק צו זען אין וואס פאר א לאגע עס געפינען זיך די יידן אין געטא מלאווע. דער הונגער איז געווען אונגעהויער גרויס. אין יעדע שטוב איז געלעגן איין קראנקער אדער מער. די סאניטארע באדינגונגען — נישט צו דערליידן. און דערצו האבן די דייטשן געגעבן יעדן טאג נייע באפעלן ווי אזוי נאך מער צו פארקירצן דאס לעבן. א מיטל צו פראוואקאציע האט זיי געדינט די יידישע פאליציי ארום דעם געטא. נישט אריין און נישט ארויס. זיי האבן אויפגעהאנגען ביים אריינגאנג גרויסע שילדן מיטן אויפשריפט „טיפוס". טראץ דעם אלעם איז געשטיגן דער טערארר.

איין טאג האבן זיי גערופן אלע יידן פון געטא צושטעלן זיך אויפן מארק פלאץ. ווייזט זיך ארויס אז זיי האבן געכאפט צוויי יידישע יינגלעך מיט עטלעכע קארטאפל, זיי באשולדיקט אין גנבה, און פארמשפט צום טויט. קומענדיק אויפן פלאץ האבן מיר געזען צוגעגרייט פיר תליות, און גלייך נאך דעם האט מען געבראכט די פיר

קרבנות. דאס זענען געווען די צוויי יינגלעך, דער דריטער, א פאטער פון איינעם פון זיי און נאך א ייד. מיר זענען געווען ארומגערינגלט מיט מיליטער און דער באפעל איז געווען אז ווער עס וועט ארויסווייזן טרויער דורך געוויין אדער געשריי וועט גלייך דערשאסן ווערן. מיר האבן מיט ווייטאק און צארן זיך צוגעקוקט צו דער שרעקלעכער טראגעדיע און מיט אראפגעלאזטע קעפ זיך אומגעקערט אין געטא.

איין טאג איז ערשינען אין געטא א באקאנטמאכונג אז אלע מענער וועלכע זענען ארבעטספעאיק זאלן זיך צושטעלן אין ארבעטס אמט. איך בין געווען פון די ערשטע. מען האט אונדז געשיקט בויען שאסייען אין דערבייאיקן דארף טשערניצא. מען האט אונדז איינקווארטירט אין באראקן, און איין מאל אין מאנאט איז אונדז געווען ערלויבט צו פארן אהיים אין געטא. נישט ווייט פון אונדזער מחנה איז געווען א געפאנגן לאגער פון רוסישע סאלדאטן, און מיר פלעגן זיי זען כמעט יעדן טאג מארשירן אין גרופעס פון צענדליקע. זייער אויסזען איז געווען א שרעקלעכער. אויסגעדארטע, בלאסע, קוים וואס זיי זענען געשטאנען אויף די פיס. די דייטשן פלעגן זיי לאזן הונגערן. געשפייזט צו ביסלעך דורך די פוילישע פויערן וואס פלעגן פירן אין זייערע וועגענער שטיינער צום שאסיי. זיי האבן איינגעשטעלט זייער לעבן און דורך פארשיידענע וועגן דערלאנגט זיי ביסלעך עסן.



פארשטעהער פון דאבזשינער פעראיין אין יער הקדושים
רעכטס צו לינקס: אברהם דור (דאבראשקלאנקא), יהודה ראזענוואקס,
יהודית פאליניצקי (ליפקא), יעקב כהן און יעקב יחיאל ביעלאוואסקי

אבער צוויי פויערן האבן דערפאר מיט זייער לעבן באצאלט. ווען מ'האט זיי געכאפט האט מען זיי אוועקגעפירט אין דער דערבייאיקער שטעטל פראסניטש, צונויפגערופן דאס גאנצע שטעטל אויף א פלאץ ווו עס זענען שוין געווען צוגעגרייט צוויי תליות און זיי אויפגעהאנגען.

די לאגע אין געטא מלאווע איז געווארן שווערער פון טאג צו טאג. עס איז ממש נישט געווען קיין עסן. בשעת מיר פלעגן קומען אהיים אין געטא האבן מיר צונויפגענומען א ביסל קליידונג אדער שיך, און צוריקפארנדיק צו דער ארבעט פלעגן מיר מיט דארטיקע פויערן מאכן אן אויסטויש. מיר פלעגן זיי געבן א פאר הויזן, א קליידל אדער א פאר שיך און באקומען אין אויסטויש א ביסל שפייז דעם טאג וואס מיר פלעגן ברענגען אין געטא דאס ביסל שפייז איז ממש געווען א יום־טוב. איינמאל ווען איך האב זיך אומגעקערט פון דער ארבעט אהיים אין געטא האב איך באקומען הויכע היץ. מען האט מיך אוועקגעפירט אין שפיטאל, און דארט האב איך באקומען די געהעריקע הילף, וואס האט זיך אויסגעדריקט אין שטעלן באנקעס. דורך א צופאל בשעת די שוועסטער האט אנגעצונדן דעם ספירט האט זיך אביסל אויסגעגאסן אויפן בעט, עס האט גענומען ברענען און איך אליין בין אויך שטארק צוברענט געווארן. עס האט געדויערט א לענגערע צייט ביז מיינע ווונדן זענען פארהיילט געווארן, און דאס אדאנק די איבערגעבנהייט פון יידישן דאקטאר אין געטא, וועלכער איז שפעטער אביסל געשטארבן פון טיפוס אין געטא. ווען דער וועטער איז געווארן אביסל ווארימער האב איך שוין אנגעפאנגען ארויסגיין.

דערווייל האבן די דייטשן פארשטארקט דעם טעראר אין געטא. איין מאל האבן זיי גערופן דעם פארשטייער פון יודענראט אין דער קאמענדאנטור און ער איז מער נישט צוריקגעקומען. זיי האבן נאך דעם איבערגעשיקט דעם קאסטן מיטן מת אין געטא מיט א באפעל נישט עפענען נאר גלייך באגראבן. שפעטער האבן זיי ארעסטירט די יידישע פאליציי וועלכע האט געהיט ארום דעם געטא און זיי דערמארדעט. אויסער דעם האבן זיי ארויסגענומען פופציק יונגע יידן און 50 עלטערע, זיי ארויסגעפירט אונטערן שטאט, געהייסן גראבן איין לאנגע גרוב, און זיי צוריקגעשיקט אין געטא. ביינאכט איז געגאנגען א גרויסער רעגן און די גרוב האט זיך אנגעפילט מיט וואסער. אבער דאס האט די דייטשן נישט געשטערט, און פארטאג האבן זיי ווידער ארויסגעפירט די הונדערט יידן, זיי אלעמען דערשאסן און אריינגעווארפן זייערע קערפערס אין דער גרוב וואסער.

דאס בלוט האט זיך אויסגעמישט מיט די וואסער און געשאפן א גרויסן טייך פון בלוט.

די דייטשן האבן אנגעפאנגען עפטער דאס געטא באזוכן מיט דער כוונה צו דערמארדן די מענטשן איינציקווייז. דער זומער 1942 איז שוין כמעט פאריבער ווען די דייטשן האבן אפגעשטעלט די שאסיי ארבעט און אונדז צוגעטיילט צו פעלד ארבעט ביי די פויערן פון די ארומיקע דערפער. מיט א מאל איז אנגעקומען א באפעל אז אלע יידן דארפן זיך אומקערן אין געטא מלאווע. פארשטייט זיך אז איך פארלויף פון א טאג, צוויי, האבן זיך צוזאמענגעקליבן אין געטא אלע יידן וואס האבן געארבעט אין די אומגעגנט. שמועות האבן געיאגט שמועות און קיינער האט נישט געוווּסט וואס דער מארגן וועט ברענגען.

אין א העלן טאג איז אנגעקומען א באפעל אז אלע יידן פון געטא דארפן זיך פארזאמלען אויפן מארק פלאץ. נאך דעם ווי דער פלאץ זיך אנגעפילט, האבן זיי אדורכגעפירט א סעלעקציע, געשטעלט יונגע באזונדער און עלטערע מענטשן באזונדער. דעמאלט האבן מיר שוין געוווּסט צו ביסלעך אז עס עקזיסטירן פארניכטונגס לאגערן פאר יידן און די שמועה איז געווען אז די דייטשן גרייטן צו א צאל יידן פאר די פארניכטונגס לאגערן. בשעת דער סעלעקציע האבן זיך געלאזט הערן פארשידענע מיינונגען. איינער האט געזאגט אז אויף דער זייט איז גוט, א צווייטער האט געטענהט אז קעגנאיבער איז בעסער. עס איז געווארן א געלויף הין און צוריק. אין דער מהומה האבן די דייטשן זיך באנוצט מיט געווער און א יונגע פרוי איז געפאלן טויט פון די שיסערייען. ווען עס איז געווארן שטיל האט מען אלעמען אויפן פלאץ פארשריבן און געמאלדן צו זיין גרייט צו יעדן רוף. צוויי טעג שפעטער האט מען אונדז ווידער גערופן צום פלאץ. כמעט דעם גאנצן געטא יונג, אלט, פרויען און קינדער, אלעמען פארשריבן און געשיקט צו דער באן סטאציע. דארט האט מען אונדז אריינגעשפארט אין די לאסט וואגאנען, און קודם האט מען ביי יעדן אוועקגענומען אלעס וואס ער האט געהאט : געלד, געלט אדער אנדערע ווערט זאכן. קיינער האט נישט געפרוווט עפעס אויסבאהאלטן. געווען א פרוי וועלכע האט באהאלטן א 10 מארק שיין, און זי איז גלייך דערשאסן געווארן. היות ווי מיר האבן שוין געוווּסט פון די פארניכטונגס מחנות טראבלינקע און אוישוויץ, האבן מיר פארנדיק געקענט זען לויט די סטאציעס אז די וועג ווו מען פירט אונדז איז קיין אוישוויץ. נאך צוויי טאג פארן האט זיך דער צוג אפגעשטעלט. דא איז געווען א

באפעל ארויסצוגיין פון די וואגאנען און נאך עטלעכע מינוט גיין האבן מיר זיך געפונען פאר א הויכן פלויט פון שטעכעדיקע דראט מיט א גרויסע אויפשריפט: ארבעט מאכט דאס לעבן פריי. באלד האבן מיר זיך דערוווּסט אז דאס איז אוישוויץ.

## אין אוישוויץ

געווען איז דאס דעם 18טן נאוועמבער 1942. אין טויער פון לאגער איז געשטאנען אן אפיצער און מיט א קליין שטעקעלע אנגעוויזן ווער רעכטס און ווער לינקס. פרויען, קינדער און עלטערע מענטשן באזונדער און יונגע געזונטע מענטשן אין א צווייטן זייט. די כוונה פון דער אנווייזונג איז געווען קלאר. ס'איז איבריק צו שילדערן די מחנה מיט איר גרויזאמקייט. דער הויכער פלויט פון שטעכעדיקן דראט מיט די ריזן רעפלעקטארן, די געשרייען און געוואלדן און סתם געפילדער האבן פארטויבט די אויערן. מען האט אונדז לאקירט אין א גרויסן באראק און גלייך אונדז אויסגעקריצט א נומער אויף די לינקע האנט, איך האב באקומען דעם נומער 76249 וועלכער האט מיך באגלייט ביז צו די באפרייאונג.

די ערשטע פאר טעג האבן מיר כמעט גארנישט געטאן. מיר זענען געשטאנען אין דרויסן, געזען די האלב טויטע מענטשן וועלכע האבן געארבעט אין די מחנה אלס רייניקער און מיסט פירערס, בלאסע, אויסגעדארטע, אנגעטאן אין די געשטרייפטע שטראף קליידער. עטלעכע טעג שפעטער האט מען אונדז אוועקגעפירט אין א צווייטן לאגער, בערך זיבן קילאמעטער פון אוישוויץ. דאס איז געווען א לאגער וועלכן מען האט ערשט אנגעהויבן בויען. בסך הכל 6 גרויסע באראקן מיט 800 געפאנגענע. בלאטעס ביז איבער די קני. אן ענלעכער פלויט מיט טורמס אזוי ווי אין אוישוויץ, אבער א קלענערע באוועגונג פון מענטשן. מ'האט אונדז צוגעטיילט א פלאץ צום שלאפן אין איינעם פון די באראקן און ביסלעכווייז האב איך זיך אנגעהויבן צוגעוווינען צום לאגער לעבן. אונדזער ארבעט איז געווען בויען נאך באראקן וועלכע זענען באלד אנגעפילט געווארן מיט מענטשן, הויפטזעכלעך יידן וועלכע מ'האט געבראכט פון פארשידענע געטאס. איך האב דארט דערקענט עטלעכע דאבזשינער און ריפינער יידן. מייסטנס זענען דאס געווען יידן פון האלאנד און דייטשלאנד. מען האט אהין אריבערגעבראכט אויך דייטשע פארברעכער וועלכע האבן געדינט אלס

שומרים פון דעם לאגער. דארט זענען אויך געווען קריסטן פון לענדער אקופירט פון די דייטשן, וועלכע זענען נישט געווען געוווּנטשן פאר דעם דריטן רייך.

## אין א נייע ארבעטס מחנה

נאך דעם ווי מיר האבן פארענדיקט אויפשטעלן די באראקן האט מען אונדז צוגעטיילט צו די בוי קאמאנדא וועמענס אויפגאבע עס איז געווען צו בויען פאבריקן און ראפינאציעס צו ארויסבאקומען בענזין פון קוילן. דאס איז געווען א ריזן שטח פון עטלעכע און צוואנציק קילאמעטער קוואדראט. מיר האבן געגראבן אויף קילאמעטערס לאנג. דארט האט מען געלייגט עלעקטרישע קאבעלס. אויך האבן מיר געגראבן גראבנס פאר רערן און געבויט בריקן. הונדערטער ארבעטער זענען געווען באשעפטיקט מיטן אויפשטעלן דאס ריזן ווערק. אבער די ארבעט איז נישט אויסגעפירט געווארן ווי די אינזשינערן האבן פארגעשריבן, פשוט דערפאר וואס די ארבעטער האבן קיין עסן נישט באקומען. מיר פלעגן אויפשטיין ווען ס׳איז נאך געווען פינצטער אין א קעלט וואס האט דערגרייכט 5° אונטערן 0. מיר זענען געשטאנען א האלבע שעה ביז דער לאגערפירער איז געקומען, אונדז איבערגעציילט און דאן האבן מיר באקומען א קליין שטיקל ברויט און א טאפ שווארצע קאווע, מען האט עס גערופן קאווע — און נאך דעם אוועקמארשירט צו דער ארבעט אויף דעם פלאץ וועלכער האט זיך געפונען נישט ווייט פון לאגער. מיר האבן מארשירט אין גרופעס פון 30 ביז 50 ארבעטער און איבער יעדע איינע איז געווען א „קאפא״. 12 אזייגער האבן מיר באקומען מיטאג, א זופ פון גראז מיט א מעל שפייז וועלכע האט אונדז געדארפט זעטיקן ביז צום אוונטברויט וואס מיר האבן באקומען קומענדיק צוריק פון דער ארבעט, וואס איז באשטאנען פון א געדיכטע זופ מיט א קליין שטיקל ברויט, ווייט נישט גענוג צו שטילן דעם הונגער אפילו פון א נישט שווערן ארבעטער. פארשטייט זיך אז אונטער אזעלכע שפייז באדינגונגען זענען פיל פון אונדז געווארן קראנק און אומפעאיק צו דער ארבעט, נאך עטלעכע טעג. ווען דער לאגער פירער האט געזען אז אן ארבעטער איז נישט פעאיק ארויסצוגיין צו דער ארבעט איז ער באזייטיגט געווארן פון דעם לאגער און מער האט מען אים נישט געזען.

דער ווינטער 1942—43 האט זיך אויסגעצייכנט מיט גרויסער קעלט. די געשטרייפטע לאגער קליידער וועלכע מיר האבן געטראגן ביי דער ארבעט איז געווען א שוואכע שוץ פאר דעם קערפער און מער ווי איין מאל איז אן אבר אפגעפרוירן געווארן ביי איינעם פון די ארבעטער. די קעלט האט געשטערט א סך ארבעטער אויספירן זייער פליכט. דער דייטשער אויפזעער פלעגט דעם ארבעטער באצייכנען און אהיימגייענ־דיק האט ער זיין היטל ארונטער געווארפן און געבעטן דעם ארבעטער ער זאל עס גיין אויפהויבן. דאן האט זיך דערהערט א שאס און דער ארבעטער איז געפאלן טויט. דעם באריכט וואס ער האט אפגעגעבן פאר דער קאמענדאנטור האט געלויטעט אז ער האט געוואלט אנטלויפן. אין דער פרי האט נאך דער אויפזעער באקומען אן אויסצייכנונג. די אכזריות פון די אויפזעערס איז געווען אזוי גרויס און שרעקלעך אז ווען מיר האבן, אין א גרויסן פראסט, זיך ארומגעבונדן מיט צעמענט זעקלעך זענען מיר דערפאר שווער באשטראפט געווארן. טאג טעגלעך האט זיך געלאזט באמערקן די פארקלענערטע צאל ארבעטער וועלכע זענען ארויסגעגאנגען צו דער ארבעט. אפגעשוואכטע און קראנקע האט מען ארויסגעפירט און דערמארדעט. דורך א צופאל האב איך זיך באקאנט מיט א טשעכישן „קאפא", וועלכער איז געווען געזעצט איבער הויכמאנטאזש ארבעט. אליין איז ער געווען א פאליטישער ארעסטירטער. ער האט מיך איינגעארדנט אין זיין קאמאנדא און דארט האב איך געארבעט כמעט 2 יאר. די ארבעטער אויפזיכט איז געווען אין ציווילע הענט, און מיר האבן זיך אין אלע פאלן געפילט פרייער. די ארבעט איז נישט געווען קיין לייכטע בלויז צוליב די קעלט וואס האט זיך שטארקער געפילט אין דער הויך ווי אויפן באדן. אבער מ'האט אונדז געגעבן די מעגלעכקייט צו דערווארעמען די הענט ביי פייער און נאך אזעלכע באקוועמלעכקייטן וועלכע האבן אונדז פארלייכטערט דעם טאג ארבעט. מיט עסן האבן מיר זיך אן עצה געגעבן. אט האב איך געבראכט דעם קאפא א העמד און ער האט מיר דערפאר געגעבן עטלעכע מאל ברויט. אלע אויפזעער זענען געווען ציווילע און זיי האבן מיט אונדז געהאט מיטלייד, זעענדיק אונדזער פינצטערן גורל.

דערווייל זענען אנגעקומען אין אונדזער לאגער נייע עשאלאנען יידן פון גאנץ אייראפע: פוילן, ליטע, אונגארן, האלאנד א.א.וו. מען האט זיי געבראכט אין ספעציעלע באנען, אפגעריסענע, אבער אויף די געזיכטער האבן זיי אויסגעזען נישט שלעכט. פארשטייט זיך אז

נאך א קורצן ווײַלן אין לאגער, זענען זײ געװארן שװאך, בלאס, און אויסגעדארט. מײסטנס האט עס געטראפן די מענטשן אין מיטעלן עלטער װעלכע האבן זיך נישט געקענט צופאסן צו די שװערע לעבנס־באדינגונגען אין אונדזער מחנה. טאג טעגלעך האט מען אװעקגעפירט צענדליקע קראנקע און מער האט מען זײ נישט געזען.

עס האבן אויך נישט געפעלט ספעציעלע טראגישע געשעענישן אין דער מחנה: אט באשולדיקן די דײטשן א יידישן ײנגל פון ליטע אז ער האט געװאלט ארײנשמוגלען געװער אין דער מחנה. צום אויספירן דעם אורטײל דורך הענגען האט מען אראפגעבראכט א דײטשן אפיצער פון אוישװיץ, א ספעציאליסט צו דער מלאכה, אלעמען ארויסגערופן אויף דעם עקזעקוציאנס פלאץ, און פאר די אויגן פון טויזנטער צושויערס אים אויפגעהאנגען. עס איז כדאי צו באמערקן אז די תליות אין דעם לאגער זענען געװען אן אפטע ערשײנונג. אט האבן זיך די קאפאס צושלאגן צװישן זיך און גלײך האט מען עטלעכע פון זײ געשטעלט צום משפט און פאראורטײלט צום הענגען.

די באריכטן פון רוסישן פראנט האבן מער און מער אנגעהויבן צו באזארגן די דײטשע מאכט און זײער אויפפירונג איז געװארן פון טאג צו טאג אלץ מער און מער היסטעריש. די באציאונג צו די רוסישע געפאנגענע איז געװארן ברוטאלער נאך דעם װי זײ האבן ארגאניזירט עטלעכע בריחות, און נישט װײניקער האבן געליטן די ארבעטער און אויך די אויפזעער פאר זײער נאכלעסיקײט בײם פארענדיקן דאס גרויסע װערק פון װעלכע די דײטשן האבן געדארפט ציען בענזין פון קוילן. ביסלעכװײז האבן זײ אנגעפאנגען פילן דעם מאנגל פון בענזין. שמועות האבן זיך אנגעהויבן דערנענטערן װעגן זײער מפלה װעלכע קומט אן אויפן רוסישן פראנט. מ׳האט דאס געקענט באמערקן פון זײערע פרצופים.

אײנמאל ארויסגײענדיק פון מײן באראק האב איך דערהערט אז עס זשימעט און מיט אמאל זענען געפאלן עטלעכע באמבעס נישט װײט פון לאגער אין דער ריכטונג װו מ׳האט געבויט דאס גרויסע װערק. אזוי זענען אנגעקומען עטלעכע כװאליעס פון עראפלאנען און האבן כסדר באמבארדירט דאס גרויסע װערק. שוין דעם ערשטן טאג זענען געהרגעט געװארן 30 ענגלישע געפאנגענע, װעלכע האבן געװוינט אין א ספעציעלן באראק. אריבער הונדערט ארבעטער פון דעם גרויסן װערק װו עס האבן געארבעט 30 טויזנט ארבעטער זענען געהרגעט געװארן. דאס גרויסע װערק װאס איז שוין כמעט געװען געענדיקט

און דער אויסבויען פון וועלכן האט געדויערט אריבער צוויי יאר מיט דער הילף פון צענדליקע טויזנטער ארבעטער איז איינגאנצן חרוב געווארן; אלץ האט געברענט וואכן לאנג און קיינער האט נישט געפרווּוט לעשן דעם פייער. מיר האבן זיך אלע געפרייט אויף דער מפּלה, אבער צוגלייך האבן מיר באוויינט אונדזערע אומשולדיקע הונדערט קרבנות וועלכע זענען געפאלן פון די באמבארדירונג, כמעט אלע יידן. די עראפלאנען פון די אליאירטע האבן אונדז באזוכט כמעט יעדן טאג, און די בהלה וואס האט זיך געשאפן בשעת זיי זענען אנגעקומען איז געווען א שרעקלעכע.

די דייטשע מייסטערס און די אינזשינערן האבן איינציקווייז אנגעהויבן פארלאזן, און מיר האבן אנגעפאנגען טראכטן, וואס וועט זיין מיט אונדז. די דייטשע מפּלה איז שוין געווען זיכער. צו אונדז איז דערגאנגען א ידיעה אז קראקאוו איז שוין פארנומען פון די רוסן. די ציווילע דייטשן האבן זיך אנגעפאנגען חנפענען צו אונדז, אבער מיר האבן זיי נישט געטרויט. דערווייל האט א גרופּע פון רוסישע געפאנגענע געפרווּוט גראבן א טונעל צו אנטלויפן דורך אים. די דייטשן האבן דאס באמערקט און נאר עטלעכע טעג פאר דער באפרייאונג האבן זיי זיי אלע דערשאסן.

דער צוריקצצוג פון די דייטשן איז פון טאג צו טאג געווארן קענטיק מער און מער. די באנען האט מען שוין געהייצט מיט האלץ, איין אויטאמאביל האט געשלעפט דעם צווייטן — אט די אלע סימנים האבן באוויזן אז די קריג איז צו ענדע און די מפּלה פון די דייטשן איז זיכער. אבער די פראגע פון די יידישע געפאנגענע דא איז געווען אויב מיר וועלן דערלעבן צו זען זייער מפּלה.

**מיר פארלאזן די מחנה**

איין טאג האבן מיר באקומען א באפעל אז מיר אלע פארלאזן דעם לאגער און מען פירט אונדז ארויס אין דער ריכטונג פון דייטשלאנד. איך האב זיך פארזארגט מיט גענוג עסן. דאס איז געווען דעם צוואנציקסטן נאוועמבער 1944, פונקט צוויי יאר נאך מיין אנקומען אהער אין לאגער „בוינא". באוואכט מיט סאלדאטן פון העכערן עלטער — די יונגע זענען געווען אויפן פראנט — האבן מיר אנגעהויבן מארשירן ביז מיר זענען אנגעקומען אויף דער סטאציע גלייוויץ. דארטן האט מען אונדז אנגעלאדן אין לאסט וואגאנען.

אבער אין דער הויך האבן זיך באוויזן עראפלאנען וועלכע האבן באלויכטן די הימלען מיט זייער אומאויפהערלעכע באמבארדירונג. עס איז געווארן א בהלה, פיל זענען אנטלאפן אבער קיינער האט נישט געוווּסט וווּהין. אויפן וועג האב איך באגעגנט א דאבזשינער, יצחק נוסבוים, אבער ער איז גלייך אוועק. טראָץ דעם וואס איך בין געווען אנגעטאן אין ציווילע קליידער האב איך מורא געהאט צו אנטלויפן.

מיר זענען געזעסן אויף א פרייען פעלד און געווארט וואס דא וועט געשען. דאן איז אנגעקומען א באפעל צו אריינפירן אונדז אין לאסט וואגאנען. מיר זענען געשטאנען צוזאמענגעפרעסט איינער צום צווייטן. די וואס האבן נישט געקענט שטיין און האבן זיך געפרוווט אוועקזעצן זענען צוטראטן געווארן אויף טויט. דער צוג האט זיך געשלעפט אין די געפערלעך קאלטע ווינטער נעכט, אן עסן און אן א ביסל וואסער. מענטשן זענען געפאלן ווי פליגן. יעדן טאג אין דער פרי, ווען דער צוג האט זיך אפגעשטעלט אויפנעמען באהייצונג און וואסער, האט מען געפונען צענדליקע טויטע וועלכע מיר האבן פשוט ארויסגעווארפן. מיר זענען אנגעקומען אויף דער סטאציע מאוטהאוזן און דארט געוואלט אלעמען אראפלאזן אבער די דייטשע מיליטערישע מאכט נישט ערלויבט. זיי האבן געזאגט אז זיי האבן קיין פלאץ נישט. מיר זענען אלזא געפארן ווייטער אין דער ריכטונג פון אראניענבורג נעבן בערלין. די גאנצע וועג ביז בערלין איז געווען באדעקט מיט טויטע קערפארס פון אונדזער באן, וועלכע מיר האבן טאג טעגלעך ארויסגעווארפן. אויסשטייגענדיק אין אראניענבורג האבן מיר געציילט נאך עלף טאג רייזע — סך הכל 3 טויזנט מענטשן פון די צען טויזנט וואס מיר זענען געווען ווען מיר זענען ארויסגעפארן פון לאגער בוינא.

אין לאגער אראניענבורג זענען מיר געווען נאר עטלעכע טעג ווייל מען האט באמבארדירט בערלין אומאויפהערלעך. עס איז אנגעקומען א באפעל צו איבערפירן אונדז אין לאגער פלאסענבורג וועלכער איז געווען אויף א בארג. דאס איז געווען א לאגער וואס היטלער האט אויסגעבויט באלד ווי ער איז צו דער מאכט געקומען אין יאר 1933. דער מצב דא איז געווען זייער שווער ס'איז נישט געווען אויף וואס צו שלאפן און אויך עסן איז נישט געווען. דערצו זענען געלעגן ארום די באראקן צענדליקע טויטע וועלכע מען האט נישט געקענט באגראבן ווייל דער בארג איז פון שטיין.

איך בין געלעגן אויף די ברעטער און זיך פארטראכט, און פלוצלינג דערהער איך מיך רופן ביים נאמען. דאס זענען געווען צוויי

15 יאריקע יינגלעך וועלכע זענען מיט מיר געפארן די גאנצע וועג. זיי האבן מיר געבראכט עסן אבער איך האב ביי זיי נישט געוואלט נעמען. אבער זיי האבן מיר פארזיכערט אז זיי האבן עסן אויך פאר זיך.

איך האב אנגעפאנגען קלערן ווי אזוי ארויסצובאקומען זיך פון דעם לאגער, און ווען איך האב זיך דערוווסט אז עס קלייבט זיך א טראנספארט אריבערצוגיין אין א צווייטן לאגער האב איך זיך גלייך געמאלדן און זיך אנגעשלאסן אן דער גרופע וועלכע פארט אין דעם נייעם לאגער. ארויסגייענדיק האב איך באמערקט ווי איינער פון די יינגלעך מאכט מיט זיין האנט דורכן פענצטער צו געזעגענען זיך מיט מיר. וואס עס איז שפעטער געשען מיט די צוויי יינגלעך ווייס איך נישט ביז היינט.

מיר זענען אריין אין פארמאכטע וואגאנען און זענען אנגעקומען קיין לעסנבערג נעבן שטוטגארט. דאס איז געווען א קליינער לאגער מיט געציילטע באראקן נעבן א גרויסן טונעל. אין דעם טונעל האבן מיר געארבעט אין א פלוגצויג ווערק וועלכע די אַמעריקאנער האבן אָומאויפהערלעך באמבארדירט אבער נישט געקענט זיי שאטן. מיר האבן געארבעט די נאכט שיכט. שוואך און אויסגעמאטערט האב איך קוים געקענט שטיין אויף מיינע פיס. די דייטשן האבן געוווסט אז די אמעריקאנער זענען שוין נישט ווייט פון זיי, האבן זיי די ווענט פון דאס ווערק געמינעוועט, כדי אין פאל די אמעריקאנער וועלן זיך דערנענטערן, דאס אלץ אויפרייסן.

דערווייל האבן מיר באקומען א באפעל צו אריבערפירן אונדז פון דאנען. דאס איז שוין געווען אין מערץ 1945. אין דער פינצטער האבן מיר זיך איינגעשטעלט און גענומען מארשירן, אריין אין א באן און נאך א שטונדע זיך אפגעשטעלט. מיר זענען ארויס פון די וואגאנען און זיך געפונען ארומגערינגלט פון מיליטער. מיר האבן זיך אלע אוועקגעזעצט. דערווייל האט אנגעפאנגען רעגענען. אייניקע האבן געפרוווט זיך אויפהויבן אבער גלייך איז געקומען א ווארנונג אז יעדער וועלכער וועט זיך פרוון אויפהויבן באקומט א קויל. מיר זענען אזוי געזעסן ביז אין דער פרי. דורכגענעצטע ביז צום ביין האט מען אונדז צוגעפירט צו א לאגער מיטן נאמען קאפערינג. דארט זענען קיין באראקן נישט געווען נאר פשוטע בונקערס אין דער ערד. מיר האבן זיך דערוווסט אז דא זענען נישט לאנג אויסגעשטארבן עטלעכע טויזנט געפאנגענע פון א קראנקייט וועלכע די דייטשן האבן זיך כלל נישט אינטערעסירט זי אויסצופארשן.

נאך עטלעכע טעג האט מען אונדז ווייטער אנגעלאדן אין וואגאנען און געפירט סתם אַן א ציל. די דייטשן האבן נישט געוווּסט וואס צו טאן מיט אונדז.

בשעת דער רייזע האב איך זיך אנגעהויבן פילן שלעכט. כ׳האב דעם קאפ נישט געקענט האלטן און איך בין געשלאפן. דער דייטשער סאלדאט וועלכער האט באוואכט דעם וואגאן האט מיר געגעבן א קלאפ מיט דעם ביקס אין קאפ און דאס בלוט האט גענומען רינען פון מיר, און חברים האבן מיר די ווּנד פארבונדן.

קורץ נאך דעם זענען מיר ווייטער אפגעשטיגן אין א לאגער מיטן נאמען „גאנאקער״. דארט איז געווען א פלי פלאץ אויף וועלכע עס זענען געשטאנען עראפלאנען, אבער ס׳איז נישט געווען קיין בענזין זיי צו באוועגן. איך בין געווען קראנק און שוואך. מיינע פריינד האבן מיר געבראכט וואסער מיט אביסל צוקער. דאס איז געווען די הילף וואס איך האב באקומען. נעבן מיר איז געלעגן א רוסישער געפאנגענער וועלכער האט געגוססט.

דערווייל האבן די ענגלענדער באמבארדירט דעם פלי פלאץ און אלע עראפלאנען וועלכע זענען דארט געווען האבן העל געברענט. די דייטשן זענען זיך צולאפן און מיר געבליבן אליין און אויסגענוצט די געלעגנהייט צו זוכן עסן.

אין דער צייט זענען אנגעקומען עס עס פאליציי און זיי האבן אונדז געהייסן מארשירן. די שוואכע וואס האבן נישט געקענט גיין האבן זיי גלייך דערשאסן. נאך 26 קילאמעטער גיין זענען מיר אנגעקו־מען אין א דארף מיטן נאמען ארנסדארף. דארט האבן מיר נישט געהאט קיין שטארקע וואך איבער אונדז, זענען מיר אריין אין א סטאדאלע וועלכע איז געווען פול מיט שטרוי און היי, און זיך באהאלטן צווישן די בינטלעך. איך האב באשלאסן פון דאנען ווייטער נישט גיין, זאל זיין וואס עס וויל.

מיר האבן געוווּסט אז דער טאג פון באפרייאונג איז הינטער די טיר, האבן מיר איינגעשטעלט, אבער ווען די פאליציי האט זיך אומ־געקערט און געזען אז עס פעלן 11 געפאנגענע האבן זיי אנגעפאנגען זוכן אויך אין דער סטאדאלע. זיי האבן געשטאכן מיט זייערע באיא־נעטן אין די שטרוי, אבער קיינעם נישט געפונען. דאן האבן זיי גענומען א גרופע פון 10 געפאנגענע און זיי אלע דערשאסן. דאס האט א ביסל בארואיקט זייערע מערדערישע געפילן און אדאנק דעם זענען מיר ניצול געווארן.

## די באפרייאונג

נאך א שטיקל צייט ווען מיר האבן געפילט אז עס איז רואיק אין דרויסן זענען מיר אלע עלף מאן ארויסגעקראכן. די אמעריקאנער זענען נאך נישט געווען אבער די דייטשן האבן ארגאניזירט א ציוויל פאליציי, און זיי האבן אונדז אפגעהיט אז מען זאל אונדז נישט טאן קיין שלעכטס. דאס איז געווען אין אפריל 1945.

אין דעם האט זיך געמאלדן א דייטשער גוטבאזיצער און האט אונדז איינגעלאדן צו זיך אויף ארבעט. קומענדיק צו אים האט ער אונדז סערווירט א טיש פון אלעם גוטן. אויף אזא וועג האט ער געוואלט זיך רעהאביליטירן מיט זיינע גוטע מעשים וואס ער האט געטאן קעגן פוילישע און רוסישע געפאנגענע אין די מלחמה יארן. נאך עטלעכע טעג, ווען מיר זענען געשלאפן אין דער סטאדאלע האבן מיר דערהערט 6 אין דער פרי א גערודער און שיסעריי פון מאשין געווער. מיר האבן פארשטאנען אז די מלחמה האט זיך געענדיקט און מיר זענען פריי. דאס איז געווען דער ערשטער מאי 1945. טראץ דעם וואס מיר האבן זיך געפילט ניי געבוירן האבן מיר נישט געקענט פארגעסן די טויזנטער קרבנות מיט וועלכע מיר האבן זיך צוזאמענגעלעבט אין לאגער בוינא און משך פון צוויי יאר, און האבן נישט זוכה געווען צו זען די מפלה פון היטלערן, ימח שמו לעולמים.

שוואך און צעבראכן האב איך אנגעפאנגען בויען מיין לעבן אויפסניי, אבער מיטן ביטערן געפיל דאס איך בין געבליבן דער איינציקער שריד פון מיין גרויסער פארצווייגטער משפחה.

זאלן די שורות זיין צום פאראייביקונג פון מיינע טייערע אומ־פארגעסלעכע עלטערן, מרים און יוסף וואלף צאלא ז״ל ; מיין שוועסטער רחל מיט איר מאן אברהם שטאלצמאן ; מיינע טייערע ברידער שאול, שלמה און אביגדור צאלא, פעטערס און מומעס מיט זייערע משפחות.

יתגדל ויתקדש שמה רבא.

גורני פרום

# נאך דער באפרייאונג

אין אויגוסט 1944 בין איך צוזאמען מיט מיין ברודער באפרייט געווארן, אין א פארווארפענעם דארף נישט ווייט פון ווארשע. די מלחמה האט זיך נאך נישט געענדיקט, ווארשע איז נאך געווען אין די הענט פון שונא, אין די פארניכטונגס לאגערן זענען נאך יעדן טאג געשטארבן טויזנטער יידן; די שווארצע כמארעס וועלכע האבן באדעקט די הימלען זענען נאך נישט פארשוווּנדן.

נאך דעם ווי מיר זענען ארויס פון די בונקערס האבן מיר באשלאסן צו פארלאזן דעם דארף צוליב די פיינדלעכע שטעלונג פון די ארטיקע פויערן, א טייל פון וועלכע זענען גרייט געווען אונדז צו דערמארדן. כדי נישט איבערצולאזן קיין לעבעדיקע עדות וועלכע קענען נאך מיט דער צייט אופדעקן זייער חוליגאנישע אנטיסעמיטישע אויפפירונג אלס אקטיווע העלפער פון די נאציס.

אין אַט דעם נישט קלארן מצב זענען מיר אוועק קיין מינסק מאזאוויעצק (די געבורטסשטאט פון אונדזער פאטער), און דארט האבן מיר זיך אנגעשלאָסן אַן א גרופע פון ארום 25 מאן פון די געראטעוועטע פון די בונקערס וועלכע האבן פארמירט א סארט געטא. די מלחמה האט זיך נאך אלץ געצויגן; פונדערווייטנס האבן זיך געלאזט באמערקן ריזן פלאמען און מיר האבן זיך פארגעשטעלט אז דאס זענען די פלאמען פון דער ברענענדיקער הויפט שטאט ווארשע. אויך דער רעש פון די הארמאטן האט זיך געלאזט גאנץ גוט הערן.

אויף די וועגן האבן זיך שוין געצויגן די רוסישע טאנקען אין דער ריכטונג פון ווארשע. גרויסע מחנות פון מיליטער האבן דורכמאר־שירט די שטאט, צווישן זיי א היבש ביסל יידן. צווישן די יידן האב איך אנגעטראפן מיינעם א לאנדסמאן, ליאון טינסקי, אן אייניקל פון הרנה לנט. בשעת זיין ווייַלן דארט האט ער אונדז אפט באזוכט און ביי יעדן באזוך האט ער מיטגעבראכט צוביסלעך שפייז. אבער נאך א קורצער צייט איז ער נעלם געווארן ווייל זיין בריגאדע איז גערופן געווארן צום פראנט, און מער האבן מיר אים נישט געזען.

יעדער טאג האט געבראכט רוישענדיקע נייעס: אט הערן מיר אז א טייל פון פאמאזשע איז שוין פארנומען פון רוסישן מיליטער. פאר אונ־דזערע לעצטע פאר גראשן האבן מיר געקויפט א צייטונג כדי צו וויסן

וואס עס קומט פאר פארשיידענע געדאנקען זענען דורכגעלאפן אין אונדזערע מוחות: מעגלעך אז אויך דאבזשין איז שוין באפרייט. איך שטעל מיר שוין פאר אין געדאנק מיין קומענדיקן באזוך. אפשר וועל איך דארט געפינען ווּעמען פון מיינע אייגענע, א שריד פון אונדזער פארצווייגטער משפחה, שכנים, פריינט; אפשר וועט מיר געלינגען צו דערוויסן זיך וועגן דעם גורל פון די טייערע חשובע יידן, צווישן זיי אויך מיין פאטער, וועמען די נאציס האבן ראש השנה ארעסטירט.

די מלחמה האט זיך געענדיקט אין אפריל 1945. נאך פיל פאר־בערייטונגען בין איך געווען גרייט צו דער נסיעה. איך האב זיך באזארגט מיט שפייז אויף עטלעכע טעג, איינגעהילט דעם קאפ אין א רויט געבלומ־טע טיכל כדי צו אויסזען ווי א קריסטין, צוליב די סכנה פאר יידן אויף די וועגן. עס גייען ארום שמועות אז מען ווארפט יידן פון די באנען. מען שלאגט און מען הרגעט. אבער אפילו אין אזא מצב האב איך זיך געגרייט צו מיין רייזע קיין דאבזשין.

איך פאר אין א לאסט באן. די רייזע האט געדויערט זעקס טעג. ענדלעך בין איך אנגעקומען אויף דער סטאציע קאוואלעווא, און פון דארט צופוס קיין גאלוב. אויפן וועג האב איך זיך אנגעשלאסן אן א גרופע פוילישע בחורים וועלכע האבן זיך אומגעקערט פון געפענגעניס אין דייטשלאנד. זיי זענען פריילעך און גליקלעך; זיי מארשירן מיט געזאנג; זיי זענען אויף זייער באדן אויפן וועג א היים צו זייערע עלטערן און פריינט.

אט ערשיינט פאר מיינע אויגן דער גאלובער שלאס. מיין הארץ האט געקלאפט און די קאפ פארטומלט ווען איך האב זיך דערנענטערט צו מיין טייער שטעטל וועלכע איך האב פארלאזט פינף און א האלב יאר צוריק, צוזאמען מיט מיין מוטער און מיינע שוועסטער. איך דערמאן זיך אין דעם קאלטן ווינטער טאג, ווען די נאצישע חיות האבן אונדז, דערשלאגענע און צעבראכענע צוזאמען מיט אנדערע דאבזשינער יידן, ארויסגעיאגט פון שטעטל, און היינט קער איך זיך אום אליין, עלנט און אויסגעמאטערט נאך דעם ווי איך בין אדורכגעגאנגען שבעה מדורי גיהינום.

אט בין איך שוין אין די אומגעבונג פון גאלוב; מיט געמאסטענע טריט גיי איך מיר א דורך די גאסן וועלכע פירן צו דער בריק קיין דאבזשין. די דורכגייער וועלכע איך האב באגעגנט אויפן וועג זענען מיר אומבא־קאנט. עס לאזט זיך פארשטיין אז אויך איך בין זיי פרעמד. א פארצווייי־פעלטע בין איך אריבער די בריק, און גלייך אוועק צום מארק. עס איז א מארק טאג, דינסטיק, אבער דאס האט זיך כמעט נישט געפילט. עטלעכע ארימע קלייטן האבן באדינט די געציילטע פויערן פון דער סביבה, נישטא דער רעש און געפילדער פון די טויזנטער וועלכע פלעגן קומען צום מארק טאג. נישטא מער די צענדליקע געשעפטן אנגעפילט מיט אלערליי סחורות פון אלעם גוטן, די געשטעלן אויפן מארק מיט די פארשיידענארטיקע סחורות. נישטא מער די פראדוקציע פון די דאב־

זשינער שניידערס און שוסטערס וועלכע האט געשמט אין דער גאנצער סביבה. איך פערקער זיך צו דער גאלדענער גאס, דער צענטער פון דאב־זשינער יידישן מסחר. שרעקלעך! כמעט קיין איין הויז איז נישט געבליבן די גאס זעט אויס ווי א צואקערט פעלד.איך גיי ווייטער און קום צו דער לאנגער גאס. פון דערווייטן באמערק איך א גרופע קינדער שפילן זיך און לאכן. איך דערנענטער זיך צו זיי און זיי שטעלן אן אויף מיר זייערע בלויע אויגן. פון דארט בין איך אריין אין דער שוהל גאס, וו עס האבן זיך א מאל געפונען אלע רעליגיעזע אנשטאלטן און אינסטיטוציעס, ווי למשל, די שוהל, דער בית המדרש, די אלעקסאנדערער שטיבל, די תלמוד תורה, דער אולפן בית יעקב, דער ועד הקהילה און דאס שעכט הויז. איך דערמאן זיך אן מיינע קינדער יארן ווען איך האב געלערנט אין בית יעקב ביי אונדזער באליבטע אומפארגעסלעכע לערערין, גוטמארגן ז״ל. איך זוך די שפורן פון דער אמאליקער שול אבער ליידער איז אלעס פארשוווּנדן. בערגלעך חורבות קוקן ארויס פון אלע זייטן.

פון גרויס צער קען איך פשוט די טרערן נישט איינהאלטן. מיט אן אנגעווייטיקטע הארץ ווענד איך זיך אין דער ריכטונג צום בית עולם גלויבענדיק אז עס וועט מיר געלינגען צו געפינען די קברים פון מיין זיידע און באבע און דארט באוויינען דעם גרויסן חורבן. אבער איך קען נישט געפינען דעם אייזערנעם טויער ווו עס איז געווען דער איינגאנג צום בית עלמין. נישט ווייט באמערק איך צוויי פאסטוכער. אויף מיין פראגע ווו געפינט זיך דא דער בית עלמין ענטפערן זיי מיר: דא ווו דיינע פיס טרעטן איז א מאל געווען א בית קברות. היינט קומען אהער פאסטוכער פונדערווייטנס, פאר די גוטע גראז, צו פאשען דא זייערע סטאדעס.

א פארטרויערטע האב איך זיך אוועקעזעצט אויף א שטיין, און זיך געטראכט: אפילו די קברים פון אונדזערע טייערע אויף וועלכע איך וואלט מיינע טרערן פארגאסן זענען אויך נישטא.

א שארק דערשלאגענע האב איך באוויינט די אמאליקע ברוי־זענדיקע שטעטל מיט אירע טייערע יידן, וועלכע האבן דא דורות לאנג געוועבט זייער פילפארביק לעבן, און די שיינע יוגנט וועלכע איז געווען אזוי האפנונגספול. איצט איז דאס אלעס פארשוווּנדן.

איך האב זיך אויפגעהויבן און מיט א ציטערנדיקן קדיש בא־וויינט דעם פאראקערטן באדן ווו עס האבן א מאל גערוט די ביינער פון אונדזערע ליבע און געטרייע.

כ׳האב פארשטאנען אז מער האב איך דא נישט וואס צו זוכן. מיט א טיפן טרויער אין הארצן האב איך זיך דערשלעפט צום שטעטל קוקנדיק מיט א מידן בליק צום לעצטן מאל אויף די חורבות פון שטעטל ווו עס איז ערשט נישט לאנג געפלאסן אן אינטענסיווער יידישער לעבן.

קומענדיק צוריק צום מארק פלאץ האט מיך דערקענט א פרוי, א געוועזענע שכנה אונדזערע, ועלכע איז ביי אונדז געווען א שבת גויה.



משה הערש שמיגא
און זיין פרוי

**אסתר גראנער־רעבבע**

# ר׳ יעקב ליב גראנער

מיין פאטער יעקב לייב איז געווען א אנגעזעענער בעל־בתישער מענטש אין שטעטל, תמיד איז ער געווען ארומגערינגלט פון פריינד און משפחה, אנטקעגן געקומען יעדן איינעם וועלכער האט זיך גענויטיקט אין א טובה, און מייסטנס האט ער עס געטאן אין דער פארם פון „מתן בסתר״. אין געזעלשאפטלעכע ענינים איז ער געווען איינער פון די טיכטיקסטע טוערס. ער איז אויך געווען פון די ערשטע אנהענגער פון ד״ר הרצל נאך בעפאר דעם ערשטן קאנגרעס, און צוזאמען מיט אנדערע האט ער — נאך אין יענע יארן — געגרינדעט די ציוניסטישע ארגאניזאציע אין דאבזשין. מיין פאטער האט איבער־גענומען דעם פארזיץ, און במשך א געוויסער צייט איז אים געלונגען צוציען מערערע חברים. הויפטזעכלעך פון עלטערן דור. ער האט געהאט אויסצושטיין פיל שוועריקייטן פון פרומע קרייזן וועלכע האבן געזאגט אז קיין ארץ ישראל וועלן מיר גיין נאר מיט דער הילף פון משיחן, און ווער עס פרוווט פריער פארן קיין ארץ ישראל זיך דארט באזעצן איז א כופר בעיקר. אין קאמף מיט די חסידים איז געשטאנען דער באוווסטער ציוניסטישער עסקן ר׳ יצחק משה אפענבאך וועלכער איז צו הילף געקומען מיין פאטער און שפעטער איז ער אויך געשטאנען אן דער שפיץ פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע. מיט זיינע ענטוזיאסטישע און איבערצייגנדע רעדעס וועלכע ער האט געהאלטן יעדן מוצאי שבת האט ער באוויזן פיל פון די חסידישע קרייזן זיך אנשליסן אן ד״ר הרצלס נאציאנאל־פאליטישן געדאנק און באוועגונג. ר׳ יצחק משה מיט זייןברייטן עסקנישן פארנעם האט געשאפן ציוניסטישע יוגנט קרייזן און שפעטער האט ער־געגרינדעט דעם קלוב „התחיה״, וועלכער האט געדינט אלס א צו־זאמענקונפט פלאץ ווי אויך פאר אוונט קורסן פאר די יוגנט צו לערנען די העברעאישע שפראך. מיין פאטער איז די גאנצע צייט געשטאנען צו דער רעכטער האנט פון ר׳ יצחק משהן און אים מיט־געהאלפן אין זיין איבערגעבענער טאג־טעגלעכע ציוניסטישע ארבעט. נאך צום סוף פון פארגאנגענעם יארהונדערט האט מיין פאטער ארגאניזירט א קרייז פון העברעאישע לעזער, האט אבאנירט אויף די „הצפירה״ און אנדערע ציוניסטישע צייטונגען פאר דאס שטעטל.

און ווער עס האט נאר געהאט אינטערעס צו וויסן וואס עס טוט זיך אין דער ציוניסטישער וועלט איז געקומען צו ר׳ יעקב לייב גראנער. זייער אפט פלעגן אין הויז פארקומען דעבאטן אויף פארשיי־דענע טעמען. די שטוב איז תמיד געווען פול מיט באזוכער ווײַל מיין פאטער האט הארציק אויפ־גענומען און מיט זיי דיסקוטירט פארשיידענע וועלט פראבלעמען. די היים — ווי איך געדענק — איז קיין מאל נישט געווען אומעטיק, נאר, פארקערט, תמיד פריילעך. גאנצע גרופעס זענען געזעסן ביי א גלעזל טיי און אזוי ביז שפעט



ר׳ יעקב לייב גראנער ז״ל

אין אוונט. עס זענען אויך געווען יידן אין שטעטל ביי וועמען דאס לעזן א צייטונג איז געווען א שווערע פראבלעם. פאר זיי האט מיין פאטער מקדיש געווען עטלעכע שעה אין מיטן העלן טאג צו פארלעזן פאר זיי די צייטונג. אזוי איז ער געזעסן אויף די טרעפ ביי זיין מעל געשעפט, ארום אים א מנין יידן, די אויערן אנגעשטעלט צו הערן ווי ר׳ יעקב לייב לייענט פאר זיי פון דער צייטונג די טאג־טעגלעכע אלוועלטלעכע נייעס. בעיקר האט זיי אינטערעסירט צו הערן די „פא־ליטישע בריוו״ פון „איטשעלע׳ן אין „היינט״ וועלכע זענען ערשינען יעדן זונטיק. די התפעלות — פון „איטשעלע״ס אויפקלערונגען אין די פאליטישע בריוו — איז געווען אונגעהויער גרויס. זיי פלעגן דאס איבערדערציילן מיט געהעריקע אפשאצונג פון דעם שרייבער. עס איז צו באצייכנען אז דאס זענען געווען יידן אן פרנסה וועלכע האבן קוים געהאט א שטיקל ברויט אין שטוב. און אזוי ארום האבן זיי זייערע יארן פארבראכט מיט דער האפנונג פאר א בעסערן מארגן.

מיין פאטער האט אויך געהאט א גרויסן טייל אין קהלשן לעבן אין דאבזשין. ער האט געוואלט און אויך געקענט פיל אויפ־טאן. נאר מיט קהל אין די קליינע שטעטלעך איז נישט אזוי לייכט געווען דורכקומען. דעריבער איז דער קאמף אויפן געביט פון קהילה

ענינים תמיד געווען שארף און פארביסן. א לענגערע צייט איז מיין פאטער געווען פרנס העיר, און דעמאלט האט ער זיך גענומען אויפפרישן די שוהל וועלכע איז געווען שטארק פארנאכלעסיקט. אין זיין צייט האט מען די שוהל פאלעטעט אויפסניי, איבערגע־ביטן די בענק, בענקלעך און שטענדערס, פארגרעסערט די ווייבערשע שוהל, און עיקר העיקרים, געבראכט מאלערס פון פלאצק, נישט קיין סתם מאלערס נאר קונסט־מאלערס, וועלכע האבן פאראייביקט אויף די ווענט און סופיט פארשיידענע היסטארישע לאנדשאפטן, ווי: דער קבר פון די מאמע רחל, יד אבשלום, מגדל דוד, די מערת המכפלה, כותל מערבי און פיל אנדערע היסטארישע פלעצער. ס׳איז כמעט נישטא קיין איין דאבזשינער וועלכער זאל נישט טראגן אין זיין געדאנק די הערלעכע געשטאלטן פון דער קונסט־מאלעריי אין די דאבזשינער שוהל. פרעמדע מענטשן וועלכע האבן די שוהל באזוכט האבן באוווּנדערט די קונסט. די שוהל אונדזערע האט אויך געשמט אין די ארומיקע שטעטלעך, און דאס איז געווען דער שטאלץ פון די דאבזשינער.

די פרויען פון עזרת נשים האבן געטאן זייער פליכט און געהאלפן אויסנייען די פרוכת און אויך מאכן ספּעציעלע ווילאנען. זיי האבן מיט גרויס פראכט פארבערייט דעם חנוכת הבית פון די שוהל. צו דעם שבת האט מען אראפּגעבראכט א גרויסן חזן מיט משוררים פון לאדזש וועלכע האבן געזונגען ערב שבת „לכה דודי״ און אויף צו מארגנס געדאוונט מיט געזאנג און מיט דער הילף פון די משוררים ממש געשאפן א יום טוב שטימונג אין שטעטל. די שמחה איז געווען גרויס און יעדער האט געפילט ווי ער וואלט באנייט זיין אייגן הויז.

אין דער צייט פון זיין כהונה אלס פרנס העיר האט מיין פאטער אויך איינגעארדנט דעם בית הקברות וועלכער איז געווען צענדליקע יארן כמעט אן א גדר, און בהמות האבן זיך דורך דעם שיטערן האלצענעם גדר אריינגעריסן אינוויינניק און געגעסן גראז פון די קברים. היות עס איז נישט געווען קיין געלט אין דער קאסע האט קהל געליען א סומע געלט, געקויפט פיל ציגל אין דער צי־געלניע פון די ברידער מענדל און אברהם הירש כהן און אוועקגע־שטעלט א הויכן גדר וועלכער האט זיך געלאזט מערקן פון גאנץ ווייט. מיטן אויפבוי פון דעם גדר האט זיך געענדיקט די הפקרות און יידן אין שטאט האבן געשעפט נחת פון ר׳ יעקב לייב גראנערס אויפטו.

אויך דער בית המדרש איז צורעכט געמאכט געווארן. אויסגע־מאלן די ווענט, אויפגעבויט א נייעם אויוון כדי די ישיבה בחורים וואס לערנען דארט אין די קאלטע ווינטער טעג זאלן נישט ליידן פון קעלט, און אויך קהל זאל זיין ווארעם, בשעת זיי קומען דאווגען.

א געוויסע ארדנונג האט מיין פאטער איינגעפירט אין דעם קליינעם הכנסת אורחים הויז. וועלכער האט זיך געפונען נישט ווייט פון דער שוהל גאס. עס איז געווען א מנהג אין פוילן אז יידן ארעמעלייט, אדער „גייערס" ווי מען האט זיי גערופן, פלעגן וואנדערן פון שטאט צו שטאט און באקומען אין יעדן שטעטל א מעגלעכקייט צו ווײלן 2 טעג און צוויי נעכט אין הכנסת אורחים און דארטן האבן זיי באקומען א פלאץ צום שלאפן און עסן. דערצו האט מען זיי ערלויבט די 2 טעג צו קלייבן נדבות אין שטעטל און אויך ביי די מתפללים אין שוהל און אין בית המדרש. נאך צוויי טעג אויפהאלט אין שטעטל האבן זיי באקומען אפפאר געלט פון דער קהילה קאסע, פארלאזט די שטאט און ווייטער געוואנדערט. צווישן זיי זענען אפט געווען אויך פרויען מיט קליינע קינדער. יארן לאנג זענען זיי געווען נע ונד, ממש ווי ציגיינער, אבער צום ענדע פון די צוואנציקער יארן איז די באוועגונג פון די גייערס שוואכער געווארן און נאך שפעטער אין גאנצן אויפגעהערט. ס'איז כדאי צו באמערקן אז די ערשיינונג פון די וואנדערנדע יידן איבער די שטעט לעך אין פוילן איז געווען א דירעקטער רעזולטאט פון דער שווערע־ עקאנאמישער לאגע נאך די ערשטע וועלט מלחמה. אויך איז כדאי צו פארצייכנען אז אויב עס איז אויסגעקומען דעם „גייער" צו פאר־ לאזן דאס שטעטל דאנערשטיק האט מען אים שוין געהאלטן ביז איבער שבת און אים געשיקט עסן ביי א בעל הבית. וואס אנבאלאנגט רחמנות האט דאבזשין געדינט אלס מוסטער פאר פיל אנדערע שטעטלעך אין דער סביבה.



אין אלגעמיינעם חורבן אין פוילן איז דער גרויסער צארן אויסגעגאסן געווארן אויך אויף די יידישע קהילה אין דאבזשין. אלע אירע הייליקייטן, ווי די שוהל, דער בית המדרש, און אלע

אנדערע קהלהשע אינסטיטוציעס זענען פארניכטעט געווארן, דער בית הקברות איז געשענדעט געווארן און מיט די מצבות האט מען געפלאסטערט די גאסן. כמעט 90% פון דער באפעלקערונג זענען אומגעקומען אין די פארניכטונגס מחנות און א טייל אין די וויס־טענישן פון רוסלאנד. אזוי האט זיך פארענדיקט די היסטאריע פון דאס טייערע הארציקע שטעטל דאבזשין וועלכע האט דורות לאנג געלעבט און עקזיסטירט, ארויסגעגעבן פון זיך טייערע איבער־געגעבענע יידן, צווישן זיי מיין פאטער יעקב לייב גראנער וועלכע אלע וואס געדענקען אים ווייסן וואס ער האט אויפגעטאן פאר דעם שטעטל אין איר יידישער באפעלקערונג.

אבער לא אלמן ישראל. די גרויסע טרייסט אונדזערע, וואס מיר האבן מיט אונדזערע אייגענע הענט און כוחות אויפגעשטעלט א יידישע מדינה. און יידן פון דער גאנצער וועלט שטאלצירן מיט זייער לאנד. פיל האבן מיר צו פארדאנקען אונדזערע עלטערן וועלכע האבן אונדז ערצויגן אין גייסט פון ליבע צו ארץ ישראל. צו זיי געהערט אויך מיין פאטער וועלכער האט ערצויגן זיינע קינדער אין דעם גייסט, און אין דער אטמאספערע איז ערצויגן געווארן א גאנצער דור יידן אין דאבזשין.

תהא נשמתו צרורה בצרור החיים.



ליגניצא

## שמעון יוסף פלאטניארז׳ (ארה"ב)

# בונם זאקליקאווסקי ז״ל



בונם זאקליקאווסקי

איך וויל דא דערציילן עטלע־כע פאקטן וועלכע שפיגלען אפ די פערזענלעכקייט פון בונם זאקלי־קאווסקי, זיינע גרויסע מעלות און זיין שיינע נשמה.

איינמאל ווען מיר האבן זיך געטראָפן אין גאס האט ער מיר געפרעגט אויב איך וויל זיצן אי־בער נאכט ביי א קראנקן, פאר־שטייט זיך נישט אליין נאר מיט נאך איינעם. ווען איך האב זיך דער־ווּוסט אז דער קראנקער איז מיי־נער א קוזין איז מיר קלאר געווארן ווער איז דא דער אמתער קרוב.

די נויט פון די ארעמע שיכטן אין שטעטל האט אים שטארק באזארגט. ער פלעגט נישט קענען רוען ווען ער האט געוווסט אז די אדער יענע משפחה נויטיקט זיך אין הילף, און האט אנגענומען אלע מייגלען צו פארלייכטערן זייער מצב. צו דעם צוועק האט ער צוזאמענגעשטעלט א דראמאטישע גרופע צו געבן טעאטער פארשטע־לונגען, און די הכנסה זאל גיין צו העלפן די נויטבאדערפטיקע. דאס גאנצע שטעטל האט אים געקאנט און צו יעדן איז ער געווען א פריינד. ווען מען האט געדארפט באלדיקע הילף פאר וועמען עס זאל נישט זיין, האט ער גלייך געוווסט צו וועמען זיך ווענדן און עס האט זעלטן געטראפן אז מ׳זאל אים אפזאגן. אט זיך געמאכט אז מען האט געדארפט אריבערטראנספארטירן קיין גאלוב איין פאליטיש פארפאלגטן חבר, איז בונם געווען די אדרעס. ער איז אויך געווען דער ערשטער וואס האט געלייגט דעם גרונדשטיין פאר אן אומלעגאלער ביבליאטעק אונטער דער רוסישער מאכט. שפעטער, אונטער דער דייטשער אקופאציע, איז די ביבליאטעק לעגאליזירט געווארן און זי איז געווארן א וויכטיקער קולטור פאק־טאר פאר א גרויסן טייל איינוווינער אין שטעטל. ער איז געווען

רעספעקטירט פון אלע פארטייען פאר זיין איבערגעבנקייט צו דער שטעטל, פאר זיין אומאויפהערלעכן אינטערעס אין געליטענעם אן אונטערשייד פון דער פארטיי צו וועלכע ער האט באלאנגט.

אלס פירער פון די „פועלי־ציון" איז אים אפט אויסגעקומען צו פאלעמיזירן מיט פארטיי קעגנער, אבער אויך אין דעם איז ער געווען אפנהערציק און קלאר, אן וועלכע עס איז דעמאגאגיע.

אונטער זיין פירערשאפט האט די „פועלי־ציון" פארברייטערט און פארשטארקט אירע שורות, און איז געווארן איינע פון די וויכטיקסטע פארטייי פאקטארן אין שטעטל. מיר, זיינע מיטארבעטער, האבן פון אים זייער פיל געלערנט און דערמאנען זיין שיינע געשטאלט מיט כבוד.

צוליב פערזענלעכע סיבות האט ער פארלאזן דאס שטעטל און איז אוועק קיין אמעריקע. דארט האט ער חתונה געהאט און געבויט א שיינע היים מיט א גוטע עקזיסטענץ. זיין כאראקטער האט זיך דארט נישט געענדערט. און אין דעם גרויסן ניו־יארק האט ער באנייט זיין פארטיי טעטיקייט. די באציאונגען מיט זיינע חברים פון דער אלטער היים האט ער אנגעהאלטן ווי געוויינלעך אויך אין ניו־יורק, און טראץ די דאגות פרנסה, האט ער תמיד געפונען צייט פאר געזעלשאפטלעכע ארבעט.

זיין היים איז געווען אפן פאר פריינד און לאנדסלייט און מיט א לייכטענדן פנים האט ער שטענדיק אויפגענומען א חבר וועלכער קומט פון דער אלטער היים.

זיין ענערגיע איז געווען צו באוואונדערן, ווי אן אומערשעפּ־לעכער קוואל. אזוי איז געווען בונם זאקליקאווסקי אין דאבזשין, און נאך לאנגע יארן אויך אין אמעריקע — אן איבערגעבענער חבר, א פריינד, א כלל טוער, תמיד מיט א שמייכל אויפן פנים, און אלס אזעלכן וועלן מיר אים תמיד געדענקען.

**מענדל זאנאבענד**

# דאבזשינער רב

מיין הארציקער פאטער ר׳ יהודה לייב זאנאבענד ז״ל איז געבוירן געווארן אין דאבזשין ביי דער דרעווענץ, פלאצקער גובער־ניע. ער האט געשטאמט פון א פארצווייגטע פאמיליע פון רבנים, גאונים און מקובלים. זיין פאטער, ר׳ רפאל ז״ל, איז געווען א טעקסטיל סוחר, א שארפער מוח, א ברודער פון ניעשאווער רב, ר׳ אברהם זאנאבענד. דער גאסטינינער רב ז״ל ר׳ יצחק מאיר בארנשטיין איז געווען דעם רבס שוואגער, און דער בענדינער רב ר׳ יששכר גרויבארד ז״ל איז געווען זיין קוזין.

באלד נאך זיין חתונה איז מיין פאטער אויפגענומען געווארן אלס רב אין יאנאוו, פלאצקער גובערניע. נאך 3 יאר באקומט ער צוגעשיקט א כתב רבנות פון דער דאבזשינער קהילה. די וואלן אין דאבזשין האבן ארויסגערופן א מלחמה צווישן די גערער און אלעק־סאנדערער חסידים און דער קאמף איז געווען זייער א פארביסענער. דער גערער רבי, דער גרויסער וועלט גאון וועלכער איז געווען באוווסט לויטן נאמען פון זיין ספר „שפת אמת״ האט געהאלטן פאר מיין פאטער. און דער אלעקסאנדערער רבי — פאר זיין אייניקל. די חסידישע מחלוקת איז געווען אין לשער. אין דער לעצטער מינוט האבן זיך די בעלי־בתים אנגעשלאסן אן די גערער חסידים און מיין פאטער האט געזיגט. נאך דעם האט דער אלעקסאנדערער רבי גע־שריבן צו זיינע חסידים זיי זאלן מאכן שלום, ווייל ער זעט אין דעם רעזולטאט פון די וואלן אן אצבע אלהים.

צו דער הכתרה זענען מיינע עלטערן געפארן אין דער קאטש פון מיין זיידן ר׳ מרדכי גלאבוס געשפאנט צו פיר ווייסע פערד. ביים ארייננפאר אין שטאט האט זיי אפגעווארט א גרויסער עולם פון דאבזשינער יידן וועלכע האבן זיך פארזאמלט צו מקבל פנים זיין דעם נייעם רב און אין שטעטל איז געווען א גרויסע שמחה, קומענדיק אין שוהל איז ער אויפגענומען געווארן בכבוד מלכים. די שוהל איז געווען

איבערפולט. דער חזן מיטן כאר האבן געזונגען „ברוך הבא". מיין פאטער האט געהאלטן א הארציקע דרשה וועלכע האט געהאט א גרויסן ערפאלג און די אלעקסאנדערער חסידים האבן אים גע־ווונטשן „מזל טוב" און אריכות ימים.

אין זיין בית־דין שטיבל זענען געווען אלע פיר ווענט פאר־שטעלט מיט ספרים: משנה, תלמוד, פוסקים, שאלות ותשובות א.א.וו., א מתנה פון מיין זיידן, ר' מרדכי גלאבוס ז"ל. דארט איז געשטאנען א לאנגער טיש און 2 לאנגע בענק און א הויכער שטול אויף וועלכן מיין פאטער פלעגט זיצן צו אויסהערן די טענות פון די צדדים. אויסער דין־תורה, גיטין, חליצה און אנדערע ענינים, פלעגן צו אים קומען מענטשן זיך אויסריידן זייער ביטער הארץ און זיין פאמיליע אנגעלעגנהייטן. דער פסק דין איז געגעבן געווארן נאך דעם ווי די צדדים האבן מקבל קנין געווען מיט א טיכל וואס מיין פאטער האט זיי דערלאנגט.

פיר און דרייסיק יאר איז מיין פאטער געווען רב אין דאב־זשין, און זיין גאנצער לעבן איז געווען קודש פאר למודים און חידושי תורה. ער איז נפטר געווארן נאך א קורצע קראנקהייט. זיין לעצטער ווונטש איז געווען, אז מ'זאל אכטונג געבן אויף די ישיבה בחורים וועמען ער האט ממש דערצויגן און ביי אים האבן זיי אלע זיינע יארן געלערנט.




א גרופע דאבזשינער אין יער הקדושים. לינקס: (זיצט) כתריאל אייזיק ז"ל

טיפע הערצלעכע געפילן האט ער געהאט פאר זיינע תלמידים אין דער ישיבה. צוויי מאל א וואך פלעגט ער מיט זיי ארויסגיין אויף א שפאציר אין נאנטן וועלדל. ער האט די תלמידים ליב געהאט אזוי ווי זיינע אייגענע קינדער. פארטיפט אין ערנסטע תלמודישע שאפונגען האט ער זיי ענדעקט פירושים וועלכע זענען זיי ביז דאן גאנץ פרעמד געווען.

געוויסע שעורים אין גמרא פלעגט ער לערנען מיט זיי על פי זכרון — לויט זיין פירוש. קורץ פאר זיין פטירה האט ער דעם פירוש איבערגעשריבן, און געמאכט עטלעכע עקזעמפלארן אויף צו פארטיילן צווישן זיינע תלמידים בכדי צו ערמעגלעכן זיי לערנען די שעורים בעל־פה. די פירושים וואס מיין פאטער האט געשאפן זענען געווען אנגענומען און פאפולער אין די קרייזן פון למדנים.

א חוץ דעם וואס מיין פאטער איז געווען א גרויסער למדן און ירא שמים איז ער אויך געווען א געבילדעטער מענטש. ער איז געווען באקאנט אלס גוטער רעדנער און האט געוווסט צו באאיינפלוסן זיינע צוהערער, און זיינע מאראלישע דרשות האבן ארויסגערופן א גרויסן אינטערעס צווישן זיי. ביי פיל יידן פון שטאט איז ער ממש געווען פארגעטערט. פיל משפחות וועמענס פאמיליע לעבן איז געווען צעשטערט אדער אזעלכע וואס זענען אראפ פון דרך הישר האבן דורך די השפעה פון רב זיך אומגעקערט צום גוטן.

א ספעציעלע ליבע האט מיין פאטער געהאט צו דער העברע־אישער שפראך, און האט פיל געשריבן אין איר. ער האט גרויס הנאה געהאט פון דעם ספר „שירי תפארת", פון דעם באקאנטן העברעאישן פאעט נ. צ. וויזל.

ער איז נפטר געווארן נאך א קורצע קראנקייט, 34 יאר נאך דעם ווי ער איז אויפגענומען געווארן אלס רב אין דאבזשין וווּ ער איז אויך, ווי שוין געזאגט, געבוירן געווארן.

אויך מיין זיידע, ר' רפאל זאנאבענד, איז געווען א בארימטער תלמודיסט און א כלל טוער, און אויך ער איז געבוירן געווארן אין דאבזשין און דארט נפטר געווארן. שוין אלס קינד האט ער באוויזן גאונישע פעאיקייטן. ער האט געשריבן א ספר אין וועלכן ער האט קריטיקירט די רבנים און לומדים פאר נאכלעסיקייט אין זייער באציאונג צו די פשוטע פאלקס מענטשן, און נישט געבן זיי די געהעריקע ערציאונג.

אפשר וועט זיך נאך געפינען ווער עס וועט פארברייטערן די ביאגראפיע פון משפחת זאנאבענד כהנה וכהנה, ותבוא עליו ברכה.



א קבלת פנים פאר משה יעקב קאטשער אין זיין פרוי פון ניו־יורק.
אין צענטר: משה יעקב; לינקס, זיין פרוי חנה חיה; רעכטס, זיין שוואגער יעקב רימון

**מענדעל זאנאבענד**

# מיין שיינע הארציקע מוטער ע״ה

## די דאבזשינער רביצין

די דאבזשינער רביצין איז געווען די טאכטער פון ר׳ מרדכי גלאבוס. אין אירע מיידלשע יארן האט זי געלערנט אין פלאצקער גימנאזיע צוזאמען מיט דעם וואס איז שפעטער שטארק בארימט געווארן אלס ציוניסטישער מנהיג — נחום סאקאלאוו.

מיין מוטער האט באהערשט 4 שפראכן איןווארט און אין שריפט: יידיש, פויליש, העברעאיש און דייטש. איר שרייבן איז געווען פון א געבוירענע אינטעליגענטע באלעזענע פרוי. זי האט געלעזן די קלאסישע פוילישע, יידישע, רוסישע און דייטשע ליטע־ראטור. זי האט אויך געלעזן די וועלטלעכע פרעסע, און אין דער צייט פון דעם דרייפוס פראצעס האט זי געלעזן די באריכטן פון מאקס נארדוי. זי איז אויך געווען א גרויסע ליבהאבערין פון מוזיק און מאלעריי.

אויך א גוטע בעל־הביתטע איז זי געווען און האט געפירט איר הויז מיט טעם און חן. זי האט געגעבן דעם טאן אין קליידונג פאר זיך, פאר די קינדער און פאר אונדזער פאטער דעם רב, באשיידן און פול מיט עסטעטישן געשמאק. זי איז געווען טעטיק אין הויז טראץ דעם וואס דארט האט געארבעט א שטאבילע הילפס מיידל. אין הויז האט אלעס געגלאנצט, און אלעס וואס איז נויטיק האט זיך דארט געפונען. זי האט זיך קיינמאל נישט באקלאגט, תמיד געווען פריילעך, מיט א שמייכל אויפן פנים. זעלטן ווען האט מען פון איר געהערט א קרעכץ. די הכנסות פון א רב אין א קליין שטעטל אין יענע יארן זענען געווען זייער באגרענעצטע, און טראץ דעם האט קיין זאך אין הויז נישט געפעלט. מיר קינדער פלעגן פיל מאל באוואונדערן ווי אזוי באווייזט זי דאס אלעס. ווען זי האט אמאל געטראגן א ווייטאג, איז דאס געווען טיף אין הארצן, נישט

געוואלט און נישט געלאזט קייןווארט פאלן. תמיד געווען גרייט צו העלפן א געליטענעם.

אט דאס איז געווען מיין מוטער, א טייערע צארטע נשמה. קיינמאל האט מען פון איר מויל קיין שלעכט ווארט נישט געהערט. מישנדיק די בלעטלעך זכרונות פון איר פארגאנגענהייט דערמאן איך זיך אן ערב שבת בשעת זי האט געשטעלט די זילבערנע לייכטער אויפן טיש, אנגעצונדן די ליכט, פארשטעלט אירע ליכטיקע אויגן מיט אירע צוויי צארטע הענט און נאכדעם ארומגערינגלט די דינע פלאמען מיט די הענט, געבענטשט מיט געטלעכע הייליקייט דעם גאט פון אברהם, יצחק און יעקב, און דערביי זיך ספאזמאטיש צעוויינט. דעמאלט האב איך דערפילט איר איידעלן כאראקטער, די העלדישע פרוי, די יידישע מאמע וואס האט שטיל געבעטן געזונט און גליק פאר אלעמען, נאר נישט פאר זיך. דאס איז געווען דאס ערשטע מאל וואס איך האב איר געזען וויינען, און ווען דאס הארץ האט זיך אין מיר פארקלעמט און איך האב געוואלט איר בארואיקן האט זי מיר גענומען גלעטן, זאגנדיק: טו זיך אן מיין קינד, באלד וועט זיך דער טאטע פון שוהל אומקערן, ער וועט אונדז באגריסן מיטן געזאנג פון „שלום עליכם", און דעם הייליקן שבת מקבל פנים זיין. אין דעם האט זיך געעפנט די טיר, אונדזער פאטער האט אונדז באגריסט מיט א ברייטן „גוט שבת", מיט אים זענען אריין צוויי אורחים און ער האט באלד גענומען זאגן „שלום עליכם, מלאכי השלום", ווי געווינלעך. די ליכט האבן געברענט שיין, און דער טיש איז געווען געגרייט. מיין מוטער האט דערלאנגט די פיש און דערביי געווונטשן די אורחים א גליקלעכע רייזע — דאס זענען געווען צוויי רוסישע יידן וועלכע האבן געדארפט אפפארן קיין אמעריקע דורך אריבערגיין די גרענעץ קיין גאלוב. נאכן עסן האט מיין מוטער ארויסגענומען א ביסל ווארעמע וועש און וואלענע זאקן און געגעבן די אורחים, זאגנדיק: נעמט און טוט זיך אן יידן, ס'איז ווינטער, און אין דרויסן איז קאלט...

מיין פאטער האט נאך א מאל אנגעפילט די גלעזלעך מיט וויין און געטרונקען מיט די אורחים „לחיים" צווינטשנדיק זיי א גליקלעכע רייזע. ווען די אורחים האבן פארלאזן אונדזער הויז האט נאך מיין מוטער שטיל זיי געווונטשן: זאלן זיי נאר מצליח זיין — זאלן זיי נאר מצליח זיין.

# רבקה אלעקסאנדער



רבקה אלעקסאנדער ז״ל
פון די טעטיקסטע כלל טוער
אין דאבזשין

איינע פון די אינטערעסאנט־סטע געשטאלטן אין שטעטל איז אן ספק געווען די פרוי רבקה אלעקסאנדער וועלכע איז דארט יארנלאנג געווען א חשובע כלל טוערן אויפן סאציאלן געביט. מענטשן פון איר נאנטן קרייז וועלכע האבן בייגעוווינט איר טאג טעגלעכע אונערמידלעכע ארבעט האבן איר געקענט אפשאצן און וויסן וויפל כוח און מי זי האט אריינגעלייגט אין איר הייליקע לעבנס אויפגאבע.

אין שטעטל האט מען זיך גע־וווּנדערט פון וואנען שעפט זי דעם פיזישן כוח און די מיטלען צו אנטקעגן קומען אלע הילפס ווענדונגען. דאסווארט „באפעלן" איז איר גאנץ פרעמד געווען און כמעט נישט עקזיסטירט אין איר ווערטער אוצר. זי האט אלעס געטאן מיט אירע אייגענע הענט. שטיל און באשיידן אן קיינע הילף פון קיינעם האט זי צניעותדיק איר ארבעט געטאן. אין די שפעטערדיקע יארן ווען אירע קינדער אין אמעריקע האבן פון איר דורכאויס געפאדערט זי זאל קומען צו זיי איז זי געווען ממש נידערשלאגן פון דעם געדאנק אליין אז זי לאזט איבער אלמנות און יתומים, אָן מיטלען צום לעבן, ווי זי האט זיך פאר איר אוועקפאר אויסגעדריקט פאר אירע באקאנטע וועלכע זענען געקומען איר באגלייטן.

אבער אויך אין דער ווייטער אמעריקע האט פרוי רבקה אלעק־סאנדער אירע פליכטן נישט פארגעסן. נאך אלס „גרינע" האט זי ארגאניזירט אן „אפאראט" צו שיקן הילף צו די נויטבאדערפטיקע אין שטעטל און האט פארגעזעצט איר טעטיקייט ביז זי איז צו בעט געפאלו.

מיט דער טיפסטער אפשאצונג און גרעסטן כבוד דערמאנענען היינט די דאבזשינער די לאנגיעריקע ווילטעטיקע ארבעט פון פרוי רבקה אלעקסאנדער פאר די געליטענע אין שטעטל.

אברהם דור (דוברושקלנקה)

ישעיהו נתן ליפקא

# זכרונות געווידמעט מיין פאטער ר׳ פייביש ליפקא

## א

באשיידן, שטיל, צארט און ציכטיק, אדורכגענומען הערצלעכע ווארעמקייט און אסך מסירות נפש, הארט ביי דער גרענעץ פון אמאליקן דייטשלאנד, ממש ביי די ברעגן פון טייך דרעווענץ ווי קעגנאיבער קוקט ארויס דאס דייטש אויסגעפוצטע שטעטל גאלוב — דארט האט זיך געפונען מיין ליב שטעטעלע דאבזשין, א קהילה פון אריבער צוויי טויזנט יידישע נפשות, וועלכע האט דורות לאנג געפירט איר פארשיידנארטיקן פארבנרייכן לעבן.

אויף דער פוילישער לאנדקארטע האט דאס שטעטל פארנומען א גאנץ קליינעם ארט אבער אין די צענטראל יידישע קרייזן אין פוילן האט עס געהאט א נאמען אלס א שטעטעל פון א רייך געזעלשאפטלעך לעבן, וועלכע האט ארומגענומען כמעט אלע יידישע פארטייען וואס האבן עקזיסטירט אין פוילן. געווען דארט יידן תלמידי חכמים, אינטעליגענטן, גרויסע כלל טוער, וויכטיקע פערזענלעכקייטן און סתם בעגאבטע מענטשן, וועלכע האבן מיט זייערע פעאיקייטן פיל געגעבן דאס שטעטל. צווישן די וויל איך דא דערמאנען מיטן גרעסטן יראת הכבוד, דעם פארזיצענדער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע ר׳ יצחק משה אפענבאך ז״ל און דעם פירער פון די פועלי־ציון בונם זאקליקאווסקי ז״ל.



מיין פאטער ר׳ יוסף שרגא (פייביש) ליפקא — אדער ווי מ׳האט אים גערופן אין דאבזשין — ר׳ פאביש — איז געווען באקאנט — נישט נאר אין דאבזשין — נאר אויך אין דער גאנצער אומגעגנט אלס א גרויסער למדן, און א בקי אין ש״ס און פוסקים. און דערצו האט ער אויך געהאט זייער א גוטן זכרון און געוווּסט צו ענטפערן אויף אלערליי שאלות וועלכע תשובות האבן געפאדערט בקיאות. ער האט

גוט געקענט די העברעאישע שפראך און אים איז נישט פרעמד געווען אויך די וועלט־לעכע ליטעראטור. טראץ זיין גרויסע קענטעניש האט ער זיך נישט אפגעשלאסן אין עלפענביין־טורם נאר ערנסט זיך אינטערעסירט אין פא־ליטיש־סאציאלע פראבלעמען, ספעציעל יידישע.



בלומה ליפקא פרוי פון מרדכי ליפקא

נישט געקוקט אויף זיין חסידישן שטאנד איז ער גע־ווען כמעט דער איינציקער אין שטעטל וואס האט פאר־שפרייט דעם געדאנק פון חיבת ציון אין די חסידישע קרייזן צווישן וועלכע עס איז ביז דאן געווען טריף פסול ר״ל.

זייענדיק א מקורב פון די אטוואצקער רביים האט ער געהאט, און אויך אויסגענוצט, די געלעגנהייט דורך דרשות, אסיפות א.א.וו. צו איבערצייגן די חסידים און בכלל פרומע יידן, אז עס איז ניט גענוג צו זאגן דריי מאל א טאג ותחזינה עינינו בשובך לציון — און דערמיט יוצא זיין — נאר מען מוז עס מקיים זיין בפועל ממש. נאר ארץ־ישראל קען משלים זיין די תורת־ישראל. דערפאר מוז זיך, קודם כל, דאס פרומע יידנטום פאליטיש אידענטיפיצירן מיטן ציוניזם און ווערן א שותף צום בנין ארץ־ישראל. אז ער און זיינע ידידים — חברים זענען געווען ערפאלגרייך איז א ראיה — דער מזרחי. היינט, איז דאס גאנץ נאטירלעך, אבער מיט פיל יארן צוריק איז עס ניט געווען אזוי לייכט און פשוט.

צווישן זיינע ידידים האבן פיגורירט דער בארימטער לידער רב, אדער ראש ישיבה, ר׳ יצחק־יעקב ריינעס; דער קוטנער גאון און רב ר׳ יהושועלע טרונק; הרב קאוואלסקי פון וולאצלאוועק, הרב בראדט פון ליפנא און פילע אנדערע, זכרונם לברכה. און פארשטייט זיך דער דאבזשינער רב, זאנאבענד. א הארציקער און ליבעראלער מענטש, און א מקיל ביז גאר.

ב

איך געדענק נאך די לאנגע שמועסן וואס דער טאטע האט געהאט מיטן אטוואצקער רבי, ר' מנחם־מענדל, ז"ל, ווען ער איז איינגעשטאנען אין אונדזער הויז. ווייזט אויס אז אט די שמועסן האבן געהאט די געהעריקע השפעה, ווייל יעדעס מאל, ווען זיי האבן זיך געזעגנט, האב איך געזען אז אויף די פנימער פון ביידע, דער טאטע און דער רבי, רוט ממש א נשמה יתרהדיקע צופרידענהייט. דער רבי ז"ל האט געוויס געטראכט: פייביש האט דאך רעכט מיט זיינע ראיות און קלארע דערקלערונגען. עטלעכע מאל האט מיין טאטע צו מיר באמערקט: דער רבי איז אינטערעסירט ווייל ער וויל דאס אלעס הערן. דאס איז זיין ווילן און דער ווילן שאפט די אמונה. און איינמאל, פארלאזנדיק דעם רבינס חדר האט ער אונדז צוריקגערופן און געזאגט צו מיין פאטער: „פייביש, איך זע דאך אז ס'איז מן השמים וואס איך שטיי איין ביי דיר אין הויז. כ'האב זיך צוגעהערט מיט גרויס כונה צו דעם ענין פון שיבת־ציון. דו ביסט גערעכט — מען מוז אראפווארפן דעם ביטערן יאך פון גלות און ס'איז אונדזער הייליקער חוב צו דערוועקן די אנשי שלומנו צו האבן די זכיה מקיים צו זיין דורך מעשים אויך די מצוות התלויות בארץ. א יישר כוח, פייביש". דער טאטע איז געווען מלא שמחה. דאס זעלבע האט זיך איבערגעחזרט ווען דעם רבינס ברודער, ר' משהלע ז"ל, איז איינגעשטאנען ביי אונדז.

ג

ניט נאר האט ער פראפאגאנדירט ציוניזם צווישן די רעליגיעזע יידן נאר אויך צווישן די דייטשע יאהודים, מייסטע אסימילירט ביז גאר.

די רוסיש־פוילישע דאבזשין איז געווען אפגעטיילט פון דאס דייטשע גרענעץ שטעטל, גאלוב, מיט א בריק איבערן טייך דרעווענץ און א טאריף — אפצאל סטאציע. אין גאלוב איז, אגב, געווען אן אפטייקער, ריזענפעלד, א ווארעמער ציוניסט, א גוטער ייד און בכלל זייער א ווילער מענטש. א צוויי־דריי שטונדן מיט דער באן פון גאלוב איז געווען די דייטשע פעסטונג־שטאט טארן (טורין — אין יידיש). דארט פלעגן קומען חולים פון ווו־ווייט, ווייל טארן האט געשמט מיט אירע גוטע דאקטוירים פאר ספעציעלע קראנקהייטן. ס'איז דארט געווען א גרויסע „דיאגנאזן הויז". איז געקומען א חולה צו א דאקטאר האט ער אים אהינגעשיקט און דארט האט מען דעם חולה

אבסערווירט פאר אלעם, ניט נאר פאר דער ספעציעלער מחלה, נאר פארן גאנצן גוף און גייסט. מ׳האט געטאפט, געמאסטן, געוויגן, גרינטלעך אונטערזוכט און געשריבן רעפּארטס. דערנאך האט דער ספעציאַליסט געטאן זיין ארבעט. פאר יענע צייטן איז עס געווען א גרויסער אויפטו. נאטירלעך זענען דארט געווען פיל דאקטוירים און פּראָפעסאָרן און צווישן זיי — פיל יידן — בראנדוויין, בלאנק, גאלדמאן א.א.וו. היות דער טאטע האט לעצטנס געליטן פון קאפּ־שמערצן איז ער געפארן צו ד״ר גאלדמאן, א נעווראלאָג. איין מאל, אריינקומענדיק אין טאטנס שפּיטאל־צימער זע איך אזא בילד: מיין פאטער זיצט און בעט, ארום אים א מנין דאקטוירים און ער רעדט — ציוניזמוס (ווי מען זאגט עס אויף דייטש). פילע שאקלען צו מיט די קעפּ, אנדערע שרייבן נאטיצן, און אלע זענען ערנסט. דער טאטע ענדיקט, מען אפּלאָדירט באגייסטערט און זיי רופן אויס: „הער ליפּקא, וויר מיססען זיך עפּטער צוזאמענקאממען״ כמעט אלע האבן זיך דערנאך אנגעשלאסן און געווארן טעטיקע ציוניסטן.

ד

פרעגט זיך: שוין־זשע האט עס געדארפט נעמען א פרומען „אסט יודע״ מיט א בארד, און א לאנגע קאפּאטע צו איבערצייגן זיי אין דער ריכטיקייט פון ציוניזם און זיי באקערן צום דאזיקן אידעאל? געווען וועגן דעם איבערגענוג ליטעראטור: ביכער, פּאמפלעטן, צייטשריפטן; רעדנער א.א.וו. דאס זענען דאך געווען געבילדעטע מענטשן, וואס האבן אליין צוגעגעבן אז זיי האבן געהערט פון ציוניזם און געלייענט איבער דער באוועגונג. דער ענטפער איז אזוי: ערשטנס האט מיין פאטער געהאט אן אייגנארטיקן צוגאנג — ווען ער האט גערעדט האט ער געהאט וואס צו זאגן און ס׳איז באמת געווען וואס צו הערן. ער האט געהאט אן אויסערגעוויינלעכן טאלאנט צו דערקלערן דעם שווערסטן ענין אויף א פּאפּולערן, פּשוטן אופן, צונויפבינדן מוח מיט הארץ, לאגיק מיט געפיל און דאס אלעס באלויכטן מיט הומאר. זיין לומדות און וועלטלעכקייט האבן משלים געווען איינע די צווייטע. ער האט אפּגעשאצט דעם צוהערערס אינטעליגענץ, זיך צוגעפּאסט צו אים, און ביסלעכווייז אים געבראכט צום ענין — און דאס אלץ אויף אן איבערצייגנדן אופן. און האט מען אים איין מאל געהערט ריידן האט עס שוין געצויגן ווי א מאגנעט אים ווידער — און — אבער צו הערן, מ׳האט ניט געדארפט מער ווי: „ר׳ פייביש וועט

הײנט רײדן אין שוהל, בית־המדרש, שטיבל אדער אין ציוניסטישן לאקאל", און מען איז געקומען פון אלע זײטן. ער איז געװען טאלעראנט ביז גאר. ס'האט אים ניט געהארט צו רײדן פאר מײדלעך און יונגע לײט, צי זײ האבן יא געטראגן א היטל, אדער א קאפעליוש, אדער ניט. ניט געמוסרט, און שטענדיק האט ער אנגעהױבן מיט די װערטער „ליבע יידן!"

ה

מײן פאטער האט ליב געהאט מענטשן און איז געװען דעמאקראטיש ביז גאר. „הויכע" אדער „נידעריקע", רײך אדער ארים — פאר אים זענען אלע געװען גלײך. װי אומעטום, זענען אויך אין אונדזער שטעטל געװען „פני" — אײנגערעדטע יחסנים — װעמען ס'איז ניט אנגעשטאנען זיך צו „דערנידעריקן", „ניט מיט זײען גלײכן". מײן טאטע האט זיך דערפון אויסגעלאכט. אין שוהל, אין בית־מדרש, אין שטיבל, אויף שמחות, אדער אין מסחר — ניט געבלאזן פון זיך, ניט געגאװעהעט זיך. „נחום, גיב מיר א שמעק טאבאק" — און מײן פאטער רוקט ארײן זײנע פינגער אין נחומס טאבאק־שקעטעלע. „אהרון, לאמיך אנמעסטן דײנע ברילן". און אט זעצט ער זיך אװעק מיט די מענטשן אין בית־מדרש, אויף דער באנק בײם לאנגן טיש, נעבן דער טיר — און שמועסט און לערנט מיט זײ. און דאס אלעס איז בײ אים געװען נאטירלעך און — אויפריכטיק. אימיצער פון די „פני" װאלט פריער א נכפה אײנגענומען אײדער „אפטאן אזא זאך".

בײ אונדז אין טארטאק, אין מיל און אין האלץ־סקלאד האבן געארבעט עטלעכע יידן, צװישן זײ — פארברענטע בונדיסטן. נו, פלעגן זײ מיט מײן פאטער אפט דיסקוטירן. האט ער זײ קודם כל געהײסן זיך אװעקזעצן באקװעם, ניט אכטענדיג אפילו אויף א רגע אז זײ באלעמוטשען. ניט װי א בעל־הבית מיט ארבעטער נאר װי א מענטש מיט מענטשן. אזוי פלעגן די דיסקוסיעס דויערן שטונדן.

װי אומעטום, זענען אויך אין אונדזער שטעטל געװען „געװיסע עלעמענטן". נו, אז מ'האט אימיצן געכאפט האט מען אים ארײנגעזעצט אין חד־גדיא און — געשלאגן. מײן פאטער פלעגט זיך גלײך משתדל זײן און מ'האט אויפגעהערט שלאגן. „אל תדון את חברך עד שתגיע למקומו", „כל ישראל חברים" און „ואהבת לרעך כמוך" זענען בײ אים געװען די ערשטע יסודות פון עטיק. צענדליקע באדערפטיקע האט

ער געהאלפן בסתר. די זעלבע באציאונג האט ער אויך געהאט צו ניט — יידן. מענטשן האבן אינטואיטיוו געפילט זיין אויפריכטיקייט און נאנטקייט און פלעגן קומען צו אים פאר עצות צו זייערע פראבלעמען, און ער האט טאקע געהאלפן מיט ראט און טאט. וואלט ער געוואלט זיין א רבי האט ער געקענט האבן זייער פיל חסידים, און ער איז עס באמת געווען אומאפיצעל. ווען מ׳האט געזאגט „ר׳ פייביש״, אדער „פאן ליפקא״ האט מען עס ארויסגעזאגט מיט רעספעקט און אויפריכטיקייט. ער איז אבער געווען אן עניו, האט אוועקגעמאכט מיט דער האנט אפילו די שמינית שבשמינית פון גאוה וואס א תלמיד־חכם דארף האבן. ער איז אנטלאפן פון כבוד און אויסגעמיטן פובליסיטי (עפענטלעכקייט). מענטשן אבער, האבן אים דוקא יא אויפגעזוכט און געגארט פאר זיין פירערשאפט.

ו

דער דאבזשינער גלח איז געווען א אוהב־ישראל. מיין פאטער איז מיט אים געווען זייער באפריינדעט. שטונדן לאנג פלעגן זיי ריידן וועגן רעליגיע, פילאזאפיע, וועלט פאליטיק און שטאטישע פראבלעמען. עס זענען דעמאלט געווען די „ספולקעס״, „זגאדעס״, „סוואי דא סוועגא״ און אנדערע שלעק. נאטירלעך האט מיין פאטער אים אויפגעוויזן די אומאויפריכטיקייט פון דעם אלעם. זיין השפעה האט געהאלפן און דער גלח האט אין זיינע דרשות פארדאמט די אלע העצעס און בלבולים קעגן די יידן. די לופט האט זיך אויסגעלייטערט און ס׳איז געווארן נארמאל. די ארומיקע פויערים האבן אויסגעמיטן די ספולקעס און צוריקגעגאנגען צו די יידישע קרעמער.

איינמאל לאזט דער גלח וויסן מיין פאטער ער זאל מארגן קומען צו אים. וואס איז? עס קומט צו אים א חשובער גאסט, א זייער געלערנטער גלח, וואס קען אראביש און העברעאיש. וויל ער, אז מיין פאטער זאל זיך מיט אים דורכשמועסן. איך בין געווען זייער נייגעריק צו הערן א גלח ריידן לשון־קודש, בין איך מיטגעגאנגען אריינקומענדיק אין הויז, האבן מיר געזען זיצנדיקביים טיש אן אויסגעפאשעטן ברייטפלייציגן פארשוין וועלכער האט געלייענט א בוך. דערזעענדיק אונדז האט ער א זאג געטאן מעשה חוזק: „דזשען דאברי, מאשקו!״ (גוט מארגן, משהלע). נו, מיר ווייסן דאך אז „מאשעק״ איז ביי די פאליאקן געווען א חוזק נאמען פאר א ייד, אן

אויסדרוק פון ביטול. „דזשען דאברי" האבן מיר געענט־פערט און זיך אוועקגעזעצט. נאר באלד איז אריין „אונד־זער" גלח. צוגעגאנגען צום טאטן, אים געגעבן די האנט און געזאגט הויך, מיט א פריינטלעכער שטימע:



**העניק ליפקא א זון פון מרדכי און בלומה ליפקא**

„אה, דזשען דאברי פא־ניע ליפקא! (גוט מארגן הער ליפקא) מיר האבן נאר וואס גערעדט פון אייך". דער גאסט האט זיך שנעל אויפגעהויבן, צוגעקומען צו אונדז און גע־זאגט: „פשעפראשאם בארדזא (אנטשולדיקט זייער) וואס איך האב אייך באליידיקט און גערופן מאשעק. כ'האב נישט געוווּסט אז דאס זייט איר, דער פאן ליפקא, פון וועלכן מיין פריינד האט מיר אזויפיל דערציילט".

דער פאטער האט אים אנגעקוקט מיט א שמייכל און געזאגט: „איך האב געהערט אז איר קענט אראביש און העברעאיש, נו, מילא, אויף אראביש בין איך נישט קיין מבין נאר לאמיר הערן אייער לשון־קודש. האט איר א העברעאיש בוך?" „געוויס", האט ער געזאגט און האט ארויסגענומען פון זיין וואליז א חומש. דער טאטע האט אריינגעשטעקט א פינגער צווישן די בלעטער און עס האט זיך אויפגעמישט אויף „בלק". „לייענט", האט געזאגט דער פאטער, און דער גאסט האט געלייענט: וישמע בלק בן־צפור און ווייטער און ווייטער — ריכטיק, ניט פארהאקט זיך, ממש צו שטוינען! די עברי איז געווען אויסגעצייכנט און ער האט עס באלד פארטייטשט אויף פויליש — גענוי, אן אנשטרייגונג. דער טאטע האט פראבירט אנדערע ערטער, אבער דער גאסט האט טאקע געקענט — ער האט געיכולט מיט א גרויסער יוד.

„גוט", האט געזאגט דער טאטע, „זייער פיין. איך מוז אייך זאגן דעם אמת אז איר זאלט אזוי גוט קענען האב איך ניט ערווארט, נאר לאזט מיך אייך פרעגן, ווייסט איר ווער עס האט דעם חומש

געשריבן ?" „וואס הייסט ווער ?" האט זיך געווונדערט דער גאסט — „מאיזעש, נאטירלעך ! !" „ריכטיק, ריכטיק !" האט געענטפערט דער פאטער — „און מיר וויסן דאך אז מאשעק איז א פארגרייזטער, חוזקדיקער מאיזעש. האט איר מיך באליידיקט דורך רופן מיך מאשעק? וואס פאלט אייך איין ? ווען ניט דער „מאשעק", וואלט ניט געווען קיין תורה, רעליגיעס, איר וואלט ניט געווען א געלערנטער גלח און ניט געהאט אזא פיינע באקוועמע פאזיציע. ווען ניט אט דער „מאשעק" וואלט איר היינט, מילד גערעדט, געפאשעט בהמות (דער טאטע האט ניט געוואלט איבערציען דאס שטריקל, נאר ביידע גלחים האבן פארשטאנען וועלכע בהמות...)" דער פאטער האט פארגעזעצט : „ס'איז געווען נאך א גרויסער „מאשעק" — מאימאנידעס — דער רמב"ם — און ער האט ציטירט : „ממשה עד משה לא קם כמשה" (דער גאסט האט עס גלייך פארשטאנען). ווען איר האט מיך גערופן מאשעק האט איר מיר אנגעטאן דעם גרעסטן כבוד. דאס צייגט נאר אז אין אייער פאנאטישן האס צו יידן זייט איר אויך אומוויסנדע אידיאטן !"

דער גאסט איז געבליבן געפלעפט, האט א ווײַלע געטראכט, געדריקט דעם פאטערס האנט און געזאגט : „קיין ווונדער נישט וואס מיין פריינד האלט אזויפיל פון אייך. איך האב היינט זייער פיל געלערנט, איך וועל עס קיין מאל ניט פארגעסן". דער דאבזשינער גלח האט אנגעקוואלן.

ז

מיין פאטער און ברידער האבן געפירט גרויסע געשעפטן מיט די ארומיקע „שררות" (פריצים — דאס ווארט פריץ האט מען אין אונדזער געגנט כמעט ניט געהערט). מיר האבן געקויפט פון זיי וועלדער, תבואה, בהמות, פערד און זיי פון אונדז — מעל, ברעטער, געהילץ און באשטעלט ביי אונדז סטאדאלעס (שייערן), שטאלן און אנדערע געביידעס. די באשטעלונגען האבן מיר „פאר־פאבריצירט" אין אונדזער ריזיקן הויף און דערנאך צוזאמענגעשטעלט אין די באשטימטע ערטער. ער האט קיין מאל די „יאשניע־וויעלימאזשנעס" (פריצים־יחסנים — זייערע טיטלען) נישט געחנפעט, האט זיי געזאגט דעם אמת אין פנים אריין און זיי האבן אים דערפאר רעספעקטירט. צווישן זיי איז געווען א גאר וואזשנע שישקע — דער זבאינער כראביע (גראף —

קאונט אין ענגליש). א גרויסער לעב־יונג און א הויך געבילדעטער מענטש. ער האט ליב געהאט צו שפילן מיט מיין פאטער שאך און דיסקוטירן וועלט־פאליטיק, פוילן און — פאלעסטינע. ער איז געווען שטארק פאר דעם אז די „סטאראזאקאנני" (די יידן) זאלן צוריקקריגן זייער לאנד. ער האט געזאגט אז אזוי דארפן פילן אלע ערליכע פאטריאטישע פאליאקן. די ביישטייענדיקע „שררהלעך" האבן נעבעך צוגעבאמקעט: „טאק, טאק" (יא, יא). אין די שמועסן אין האנדל מיט אונדז פלעגן זיי זיין זייער פארזיכטיק אויסצורעדן דאס ווארט „זשידזשי" — דאס איז דער גראמאטישער און העפליכער מערצאל, און נישט „זשידי" — די גראבע און פאראכטענדיקע פארם — פארן לשון רבים פון „זשיד" — ייד. בעת דער דייטשער אקופאציע, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דער כראביע געווען אזוי „געבראכן" אז ער איז געווען געצוווּנגען צו פארקויפן אונדז א גרויסן טייל פון זיין בארימטן „זבאינער וואלד" — דער גרעסטער אין דער געגנט. דא האט דער פאטער אים און די אנדערע שררות געצייגט אז ביים ייד איז נישט אלעס געלט. א דאנק זיין ליבעראליזם און זיינע אונדז באקאנטע גיינסטיקע אנשויאונגען וועגן יידן האט מיין פאטער ניט געוואלט „כאפן ביי אים א מציאה" און אים באצאלט דעם בעסטן פרייז. מיר וואלטן אין דעם מסחר געקאנט מאכן א מטמון מיט געלט, אבער דער פאטער האט געזאגט אז צוליב א שם־טוב פאר יידן — פאר אוהבי־ישראל — זענען נישטא גענוג אוצרות צו באצאלן. דער כראביע האט עס קיין מאל ניט פארגעסן און עס צעפויקט צווישן זיינע פיינד, די נאבעלן.

ח

איצט וויל איך דא פארצייכענען אן אינטערעסאנטן פאל: געווען איז דאס ענדע פרילינג 1914. ווי יעדעס יאר פלעגט מיין פאטער פארן אין א קוראָרט, דאס מאל קיין לאנדעק, שלעזיע. נאך דעם אטענטאט אין סאראיעוואָ האבן די אויסלענדישע געסט אין לאנדעק געזוכט א וועג אהיים בעפאר זיי ווערן אינטערנירט. די באן אין וועלכע מיין פאטער איז געפארן איז צוויי סטאציעס פאר טארן — אבגעשלאסן געווארן און אלע רוסישע בירגער זענען אוועקגעפירט געווארן קיין שטעטין און פון דארט דורך דענמארק, שוועדן, פינלאנד, פעטערבורג — קייןווארשע, א שטרעקע פון א פאר טויזנט קילאמעטער. מיר האבן זיך געטראפן אין ווארשע ווו איך בין דאן געווען, און צוזאמען זענען מיר געפארן מיט די באן קיין טשעכאנאווע. דא האבן מיר

געדונגען א פארמאכטע קארעטע וועלכע האט אונדז דורך א זייער סכנהדיקע וועג געבראכט קיין דאבזשין. די שמועה וועגן מיין פאטערס לאנגע רייזע האט זיך שנעל פארשפרייט אין שטעטל, און צענדליקע זענען געקומען הערן זיינע נסיעה איינדרוקן. אויך פון דער דייטשער קאמאנדאנטור אין דאבזשין האט ער באקומען אן איינלאדונג. זיי זענען געווען פאראינטערעסירט צו הערן איבער די באוועגונג פון רוסישן מיליטער, און איבער די סארטן געווער וואס ער האט געזען אויפן וועג. מיין פאטער האט זיי דערציילט אז ער האט געזען אסך מיליטער מיט פיל געווער. עטלעכע מאל האט מען אים גערופן אבער קיין קלארע דערקלערונג האבן זיי פון אים נישט באקומען, ווייל מיין פאטער איז נישט געווען קיין מיליטער מענטש — און האט אין הלכות געווער ווייניק וואס פארשטאנען.

צום סוף אבער האבן די באגעגענישן מיט דער קאמאנדאנטור דאך געגעבן פרוכט: מיין פאטער האט זיך מיט דעם קאמאנדאנט גוט באפריינדעט און שפעטער האט דאס דער שטעטל געבראכט א גרויסע ישועה:

דאס איז געווען בשעת מ׳האט פארזאמלט די גאנצע באפעלקערונג פון שטעטל אויפן מארק פלאץ און באשולדיקט, אז מען האט אין שטעטל געשאסן אויף דייטשע סאלדאטן. דער פלאץ איז געווען ארומגערינגלט סאלדאטן מיט שיסגעווער און אין דעם קריטישן מאמענט האט זיך מיין פאטער געווענדעט צום קאמענדאנט און אים איבערצייגט אין די אומשולדיקייט פון די באפעלקערונג. „יא, דאס איז מעגליך", האט דער קאמענדאנט געמורמלט, און שפעטער אביסל געגעבן א באפעל אז די באפעלקערונג זאל דאס שטעטל פארלאזן. אזוי האט זיך פארענדיקט דער אקט אויפן מארק פלאץ א דאנק די אינטערווענץ פון מיין פאטער ביים קאמענדאנט.

ט

דער רוב פון מיין משפחה זענען געווען וואלד און תבואה סוחרים. אין זיינע יונגע יארן האט מיין פאטער געלערנט אין סלאנימער ישיבה, און באקומען סמיכה, אבער ער האט נישט געוואלט אויסנוצן די תורה אלס „קרדום לחפור בה" און איז געווארן א סוחר. שפעטער האט ער אויך אויפגעבויט א טארטאק, ווי אויך א גרויסע פירשטאקיקע מיל. ער האט אין זיינע געשעפטן מצליח

געוועו, און נאך דעם ווי ער איז שוין געוועו זייער רייך האט ער אלעס איבערגעגעבן מיינע ברידער און אליין האט ער זיך פארנומען מיט פראפאגאנדע פארן ציוניזם, און נאר ביי וויכטיקע טראנזאקציעס פלעגן זיי זיך מיט אים בעראטן.

צו זיינערצייט איז ער אויסגעוויילט געווארן אין פלאצקער ראיאן אלס דעלעגאט צום ערשטן אדער צווייטן ציוניסטישן קאנגרעס, און איז דעמאלט אויך צום ערשטן מאל געפארן קיין ארץ ישראל. ווען ער איז געקומען צוריק איז ער געוועו גרייט צו נעמען די משפחה און עולה זיין. אין דער היים, אין קרייז פון דער נאנטסטער משפחה האט מען זייער ערנסט גערעדט וועגן דעם, אבער אינצווישן האבן זיך דערוועקט געוויסע פראבלעמען און דער פלאן איז בטל געווארן.

די דייטשע אקופאציע האט געשאפן פארשיידענע פראבלעמען אין שטעטל און מיין פאטער פלעגט אין אלע פאלן אינטערווענירן ביי די דייטשע מאכט, אזוי ווי אין דעם שוין דערמאנטן פאל אין אנפאנג פון דער מלחמה.

ווען די מלחמה האט זיך געענדיקט האט מיין פאטער ווידער אויפגעבראכט דעם געדאנק פון עליה קיין ארץ ישראל. עס איז דאן — נאך דער באלפור דעקלאראציע — געוועו א גרויסע התלהבות אין שטעטל. מיר האבן דאן געהאט א ריזיקן פארמעגן וואס איז באשטאנען פון אן עלעקטרישע סטאנציע אין דאבזשין. עטלעכע גיטער טארטאקן, א מיל, הייזער, האלץ לאגערס, וועלדער, און אנדערע. מיין פאטערס פלאן איז געוועו צו אויפשטעלן אין ארץ ישראל א זעג ווערק, צו פראדוצירן אראנזשן קעסטלעך, וועלכע מען פלעגט דאן אימפארטירן פון אויסלאנד. אבער דא איז ווידער אריינגעטראטן א שטערונג : די רוסיש־פוילישע מלחמה וועלכע האט צונישט געמאכט מיין פאטערס פלענער. ער האט אבער אויף זיין לעבנס חלום נישט געוואלט מוותר זיין און שוין זייענדיק אין הויכן עלטער און זייער אפגעשוואכט האט ער באשלאסן אוועקפארן קיין ארץ ישראל כדי דארט זיין אייביקע רו געפינען. ליידער אבער איז דער גורל געוועו אכזריותדיק צו אים ביז צום לעצטן מאמענט. ער איז פלוצלינג קראנק געווארן און נאך עטלעכע טעג נפטר געווארן אין עלטער פון 79 יאר.

מיט מיין פאטערס פטירה איז פאר מיר א שטיק וועלט אפגעשטארבן. א פארצווייפעלטער און דערשלאגענער אן וועלכע עס איז פלענער פאר דער צוקונפט, האט מיך דער גורל געבראכט קיין אמעריקע.

## י

מיר זענען געווען א גרויסע פארצווייגטע משפחה פון שוועסטער, ברידער, קינדער, אייניקלעך און אפילו דערוואקסענע אוראייניקלעך. צווישן זיי פערזענלעכקייטן וועלכע האבן באשיינט די יידישע קהילה אין דאבזשין, מענטשן וואס האבן געשפילט א גרויסע ראלע אין דער פינאנציעלער וועלט, ווייל זיי זענען געווען אייגענטימערס פון גרויסע אינדוסטריעלע ווערק, גיטער, וועלדער און סתם געשעפטן.

די קינדער פון ר׳ פייביש ליפקאס דינאסטיע האבן געלערנט אין גימנאזיעס און אויך אין העכערע שולן, אלע ערצויגן אין גייסט פון ארץ ישראל. ציוניסטיש געשטימט.

שוין אין אנפאנג פון די צוואנציקער יארן האבן א טייל פון זיינע קינדער און אייניקלעך עולה געווען קיין ארץ ישראל. מיין ברודער יעקב מיט צוויי זין האבן זיך באשעפטיקט מיט הייזער בויען אין תל־אביב. מיין ברודער וועלכער איז אליין געווען א גוטער בוי מייסטער פלעגט מאכן צוזאמען מיטן אינזשינער דעם פלאן פאר דער בוי, און די קינדער האבן מיטגעהאלפן אין דער ארבעט. ער האט געוואלט שאפן פרנסה פאר די קומענדיקע עולים פון דער גרויסער משפחה. אבער דער קריזיס פון 1926 אין ארץ ישראל האט צונישט געמאכט זיינע בוי פלענער, מיט א שווער הארץ האט ער זיך צוריקגעקערט קיין פוילן. צום גרעסטן באדויערן איז מיין ברודער נישט געווען דער איינציקער; איצט, אין 1963, האב איך געהערט פון צפורה כהן פון תל־אביב, וועלכע איז דא געווען אויף א באזוך, אז מיין ברודער יעקב מיט עטלעכע אנדערע פון דער משפחה זענען געווען אין דער דעמאלט ענגלישע מאנדאטארישע פאלעסטינע, געקויפט מגרשים און געזאלט אריבערברייינגען די איבעריקע משפחה. נאר ווען גראבסקי האט אביסל נאכגעלאזט דעם דרוק פון די שטייערן. אין אויך צוליב דעם בוי קריזיס זענען טויזנטער פון אונדזערע יידן צווישן זיי אויך מיין ברודער יעקב אין קינדער צוריקגעפארן קיין פוילן און אין אלגעמיינעם חורבן טראגיש אומגעקומען.

## יא

דאבזשין האט געהאט אומגעפער דריי טויזנט איינוווינער, כמעט מער ווי א העלפט פון זיי — יידן. די מערהייט האט געהאט פרנסה. אין די מארק טעג, דינסטיק און פרייטיק, פלעגט דער „טארעק"

(אויף דער לאקאלער שפראך — א מארק־פלאץ) זיין פול, וואגן־צו־וואגן, מיט די פויערים פון די ארומיקע דערפער. יידן און יידענעס האבן איינגעהאנדלט עופות, אייער, מילכיקס, תבואה, פערד, בהמות א.א.וו. לצים פלעגן דערציילן אז איין מאל האט א ייד געדארפט א האן פאר כפרות און ניט ווינסדיק ווי אזוי דאס אויסצוגעפינען האט ער האלטנדיק דאס עוף, געפרעגט די פויערטע: „טשי טא יא, טשי טא טי" (איז דאס „איך" אדער „דו") ד.ה. א האן אדער א הון. מילא, וואס לצים קענען אויסטראכטן. די פויערים, ווידער, האבן ביי די יידן געקויפט עסנווארג, שניט־סחורה, גאלאנטעריע, שיך, שטיוול, מלבושים, געצייג א.א.וו. געווען אין דאבזשין 2 מילן, 2 טארטאקעס, עטלעכע שיך־ווארשטאטן, קליידער ווארשטאטן („טאנדעטניקעס") — אלע אין יידישע הענט. אויך זענען געווען עטלעכע בעקערייען (שמואל פרוס מיט זיינע באריטמטע „קאיזערקעס" — לחמניות — בעברית), א סאדא־וואסער — און „קוואס" פאבריק, א ציקאריע פאבריק, א זייף־פאבריק, א „לאדאווניע" א.א.וו. אויך זענען געווען עטלעכע יידישע גוט־באזיצער: מיר האבן געהאט גרודזע, משה־יעקב קאהן — זאקראטש, רוינע און שמיגע — שיטנא, זיינוועל יום־טוב כאלעווע און הערש דאבזשינסקי — דזשאלין, און פלארמאן — זארעמבע, א קליינער גוט. דאס אלעס איז געווען לעגיטים — כשר וישר. אן אנדער פרנסה, א „סוד פאר גאנץ בראד" איז געווען „מוילעכעריי", א דאבזשינער ווארט פאר שמוגלעריי. (עס שטאמט אפשר פון העברעאישן „מוליך" — אריבערפירן). לעגיטים צו ברייגנען סחורות פונם דייטשן גרענעץ־שטעטל גאלוב האט מען געדארפט צאלן טאריף. דאס טויג דאך ניט! בירגער פון ביידע לענדער האבן געהאט פאפירן — קארטעס האט מען זיי גערופן — דורכצוגיין די גרענעץ. איז מען דורכגעגאנגען און — „געמוילעכט" אויף וואס די וועלט שטייט! מייסטנס מענער אין פרויען קליידער, קאנסערוון, ליקער, שאקאלאד, ציגארן, פאפיראסן, פאטאגראפישע אפאראטן, זייגערס און אנדערע צענד־ליקע ארטיקלען. גייענדיק קיין גאלוב האבן די מוילעכערס אויסגעזען ווי שלאנקע מיידלעך. צוריקוועגס זענען זיי געווען ווי מעוברתע ווייבער מיט צווילינגס. א ווונדער? מ'האט ארויפגעשלעפט אויף זיך עטלעכע פאר הויזן, וועסטן (ווי דען, אָן א ועסט?) רעקלעך און אויף דעם אלעס א פאלטא (אויבערראק). די קעשענעס פון די בגדים האט מען אנגעפראפט מיט אונטערוועש, פרויען־זאקן און די שוין אויבנדער־מאנטע זאכן. אזוי איז מען געגאנגען און געקומען עטלעכע מאל א



יעזשיק הירש אן אייניקל פון מרדכי ליפקא

טאג. פאַניע גנב האט פאַר־מאכט די אויגן און געהאלטן די לאפעס אָפן. א מאל האט פאַניע געמאכט ס'זאל אויס־זען „גוט": א טאג פאַרן אנקומען פון גובערנאַטאָרסקן אינספעקטאָר (פון פלאצק) האט דער לאקאלער אינספעק־טאָר „געכאפט" א פאָר מוי־לעכערס. די אנדערע ברידער מוילעכערס האבן די „געכאפ־טע" פאַרגיטיקט ביז זיי האָ־בן צוריקגעקראגן זייערע קאַר־טעס. דאס איז געווען רוטין. געווען אויך אַן אנדער קאַ־טעגאָריע, פון א פּאָליטישן כאַראַקטער, און דאס האט — האט געהייסן „אריבערשוואַרצן". די — צווישן זיי אויך ניט־יידן — וועלכע האבן ניט געוואלט דינען פאַניען, פאָליטישע „פאַרברעכער" און אנדערע וואס האבן געהאט זייערע פריוואַטע אויסרעכנונגען. מערסטנס האט מען די אלע אריבערגעפירט ביינאכט אין א לאָדקע (שיפל). אפט האט אויך געטראָפן אז מ'איז פּשוט אריבערגעשווומען דעם טייך בייטאָג כאָטש די אביעשצ'יקעס (גרענעץ־וואך) האבן געשאסן און — ניט געטראָפן... אפגעמאכט — ווי דען ?...

זאל מען אבער ניט מיינען אז דאבזשין איז געווען א שטעטל פון עשירים, קרעמער און מוילעכערס. ווייט פון דעם. זייענדיק א גרענעץ־שטעטל איז דאס געווען אומפאַרמיידלעך. אויסערדעם האט זיך מיט דעם פאַרנומען א קליינער טייל יידן, מינדעסטנס פאַניע חזיר א האָר אויסגעריסן און יידן האבן דערביי געהאט פרנסה. געווען אין אונדזער שטעטל ערלעכע, האָ־רעפּאַשנע, האַרציקע יגיעה־כפּיימניקעס : שוסטערס, שניידערס, טרעגערס, בעלי־עגלות, קצבים, פישערס, סטאָליאַרעס, זייגערמאכערס, מאָלערס (אגב דער דאבזשינער מאָלער און מצבה־קריצער איז געווען א ברודער פון בארימטן סקולפּטאָר ענריקאָ גליצענשטיין), א בלעכער, א קירזשנער, א שטריק־מאכער, וורשטן מאכערס, א מאנגל

יידענע, וואסער טרעגער, קלעזעמער, יידישע רעגירונגסלערער, א סופר — אלע הארציקע, ווארעמע יידן. אפילו דער קאטערינשטשיק און די יידישע גנבים האבן געהאט א ספעציעל יידישלעך ראמאנטישקייט — א לא מאטקע גנב. פון קינדערווייז אָן האב איך צו אט די מענטשן געהאט עפעס א נאגענדע טיפע סימפאטיע. און די אלע דאזיקע יידן זענען, אין די וואכענטעג, זייער פרי, פארטאג, אריין די ערשטע אין בית־מדרש, געדאווענט מיט הארץ און כוונה און געבעטן דעם בורא עולם פאר זייער געזונט און פרנסה. ניט נאר פאר זיך נאר פארן גאנצן כלל ישראל. דאס חברשאפט און אחדות געפיל איז ביי די דאבזשינער יידן געווען גרויס. כתריאל זאנאבענד ע״ה, הרב זאנאבענדס ז״ל זון, האט געדאווענט פארן עמוד מיט גרויס התלהבות. זאל דא געזאגט ווערן אז אלע יידן אין דאבזשין האבן מינדעסטנס געקענט עברי און פארשטאנען פירוש המילות — אויף זייער הארציקן אופן.

יב

ערב שבת, עטלעכע שעה פאר ליכט־צינדן, אין מקוה. מיר יונגע חברה שטיפן ארום די גאנצע צייט. מען גיסט קאלטע „שעפלעך" וואסער איינער דעם אנדערן אויף די קעפ. פלוצלינג גיבן די טאטעס (שוין אנגעטוענע) א געשריי: ארויס, אהיים! מען שפרינגט ארויס פון די וואנעס ווי די האזן. מען באווייזט זיך קוים אפצווישן און האלב־נאס שלעפט מען ארויף אויף זיך די אונטערוועש מיטן העמד. אלעס קלעפט זיך צו דער הויט. די שקארפעטקעס זענען נאס און אזוי שלעפט מען זיך אהיים, אהיים! — אונדזער הויז איז געווען אין צווייטן עק שטאט. אז מען האט דערפון ניט געקראגן קיין לונגען ענטצינדונג איז עס נאר געווען אין זכות פון שבת. מאמעס, זעט איר, וואלטן דערצו ניט דערלאזט. א, איר טייערע, הארציקע איבערגעבענע יידישע מאמעס! זיי וואלטן אויסגעטריקנט און אויסגעקושט יעדעס פינגערל פון די קינדערלעכס פיסלעך.

יג

ערב ראש־השנה. מ׳פאקט אויס די ארץ־ישראל וויינען. מיר, יונגע חברה, ציען אראפ פון די פלאשן די שטרויענע מענטעלעך און מאכן פון זיי „ארץ־ישראל קאפליושן" — וואס די יידישע קאלאניסטן

און פאסטוכער טראגן. דאס בילדל פון די צווײ יידן אויפן ווײן־פלאש האט אונדז, יונגווארג, שטענדיק אינטריגירט. דאס זענען זיכער צווײ פון די מרגלים וואס טראגן אויף זײערע אקסלען א שטענגל ווײנטרויבן. און מיר באטראכטן, באקוקן און גלעטן עס מיט עפעס אזא הארציק היימישקייט און בענקשאפט. און דער אנאנאס, די „אפעלסינען" (פאמעראנצן — תפוחי־זהב אין העברעאיש). צומארגנס, אין שטיבל, דער ראש־השנהדיקער ספעציעלער קריאת־התורה ניגון פון „ויהי אחר הדברים האלה". די ווערטער און מעלאדיע זענען אזוי אויסגעצויגן און עקזאטיש. דו זעסט אברהמן, מיט יצחקן, מיט די נערים עם החמור ווי זײ שפאנען לאנגזאם און שווערלעך אינם מדבר פון זאמד ביז „ביום השלישי וירא את המקום..." אזוי וועבט זיך די פאנטאזיע און אײדער וואס־ווען גײט מען צו תשליך צום דרעווענץ. די שקציםווארפן אראפ שטיינער פון „ראקערס בארג" און מיר, יונגע חברה, „שטורמען" דעם בארג און פארטרײבן זײ.



ערב יום כיפור. גאנץ פרי הויבט מען אָן שלאגן כפרות. בײ מיר איז דאס שטענדיק געווען א פײנלעכע אפקומעניש. וואס וויל מען פון די ארעמע עופות, נעביך? ווי זײן הערצל טיאכקעט ווען איך האלט עס בײם זאגן „בני אדם", און דאס פנים אזוי אומעטיק! אײנמאל בין איך אזוי בײז געווארן אז איך האב איבערגעשניטן די שטריקלעך פון די פיסלעך און פאריאגט די עופות. מײן שטיפמוטער, זײער א פרומע, האט געגוואלדעוועט: „פײביש, זע נאר, דער משומד האט שוין ווידער עפעס אפגעטאן!" דער טאטע האט געענטפערט מיט א שמײכל: מסתמא אויפגעלײגט די עופות צו לעבן לענגער. ס'איז געווארן שפעט, און יענעם ערב יום־כיפור האט מען געשלאגן כפרות מיט געלט פאר צדקה. איצט פאלט מיר אײן א געדאנק: פארוואס ניט אנשרײבן א צעטל (א לאנגן) מיט די נעמען פון אלע שונאים פון ישראל און מדינת ישראל, און מיט זײ שלאגן כפרות. דערנאך דעם צעטל פארברענען. דאס וואלט געווען אי סימבאליש, אי פאסיק, אי צערעמאניאל.

דערנאך צו מנחה. דאס פארטײלן געלט אין די פארשײדענע קערות. די סעודה המפסקת. דער פאטער, אין ווײסן קיטל, בענטשט מיך און אלע אײניקלעך. אין שטיבל פאר כל נדרי. די פײערלעכע

פראקלאמאציע: „בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה". לויט מיין מיינונג זענען די עטלעכע ווערטער די עסענץ־אנשויאונג פון אונדזער יידישער רעליגיע. פארן מקבל זיין דעם הייליקסטן יום טוב, דעם יום פון חשבון־הנפש, רופן מיר אויס: קיין נשמה זאל פארשטויסן ווערן. דער זינדיקסטער זאל ניך ניט מיאש זיין — ווייל די באציאונג בין אדם לחברו איז דאס וויכטיקסטע. א.א.וו. דערנאך — דער ליריש־ציטערדיקער, אימפאנירנדיק דערהויבנדיקער — —אלט־נייער כל נדרי! נאך מעריב, דער פאטער און עטלעכע אנדערע יידן בלייבן אין שטיבל און מיר זאגן „שיר היחוד". די שענסטע רעליגיעזע פאעמע. צומארגנס דאס פאסטן. די פארשמאכטע פנימלעך פון דאס יונגוואַרג וואס וויל זיך האלטן ווי די „גרויסע", אבער ביזווייל הייגט אונדז די נשמה אויף דער שפיץ נאז; מען שמעקט חלשות־טראפנס. ענדלעך דאס שופר־בלאזן און מען גייט לאנגזאם אהיים מיט א לייכט הארץ.



נאך יום כיפור און ערב סוכות זענען מיר חברה יונגוואַרג און מיין ברודער מרדכי מענדל געווען פארנומען מיט אויפשטעלן א גרויסע סוכה וואס האט ארייננעמען אלע דריי פאמיליעס און אסך אורחים און סתם געסט. געקלאפט, געהאמערט, געזעגן, אויסגעפוצט די ווענט מיט שיינע טעפיכער און באהאנגען מיט פארשידענע פרוכטן. סכך האט ניט געפעלט. מ'האט נאר געדארפט היטן, אז לילית, די מרשעת — די ציג — א מזיקטע, זאל זיך דערצו ניט צוכאפן. (מיר, יונגע חברה, האבן געהאדעוועט בהמות און עופות, יעדעס מיט א צוגעפאסטן נאמען. דער שוחט האט איבער זיי ניט געהאט קיין שליטה). זי האט אבער דאך א כאפ געטאן א בינטל סכך אין פיסק אריין און אוועקגעלפאן, ווי איינער זאגט: איך בין דאך א יידישע ציג, טא לאמיך אויך הנאה האבן פון סוכות. אבער זאַגראַי, דער אלטער הונט, האט איצט געהאט א געלעגנהייט אונדז ארויסצווייזן זיין געטריישאפט און אין איינוועגס זיך אפרעכענען מיט ליליתן פאר דעם שטארקן שטויס וואס זי האט אים געגעבן מיט אירע הערנער מיט א צייט צוריק. עד האט איר אנגעכאפט ביי א פיסל. זי האט הויך א מעקע געטאן און ארויסגע־לאזט דאס בינטל סכך. דער שטאלץ פון דער סוכה זענען געווען די דעכלעך וואס האבן זיך געעפנט און פארמאכט דורך דיקע שטריק

אויף רעדלעך. און ווען דער פאטער און ברידער האבן פארבעטן די אושפיזין האבן מיר געהאלטן אין איין קוקן צו דער טיר... נו, האבן מיר געטראכט — אפשר איבער א יאר.



פורים. לעצטע נאכט האט מען געלייענט די מגילה מיט דעם ספעציעל אויסגעצויגענעם ארויף־און־אראפ ניגון : ויהי בימי אחשורוש. דאס טופען מיט די פיס און גראגערן ביים דערמאנען המנס נאמען. דאס שלח־מנות טראגן מיט דער טראדיציאנעלער ווייסער סערוועטקעלע איבערן טעלער. די פארשטעלטע פורים־שפילער מיט אהרון צודקעוויטשס (אהרן שליעפאק) לידל : גיטן פירעם קיש־קיש־קיש, לאמא עסן גיטע פיש, לאמע טרינקען גיטן וואהן, צעהען גראשען אין באהטעל אראהן !" אדער : בערל מיטען פידעל, שמערל מיטן באס, שפילט זשע מיר א לידל האטיע מיטיע (כאטש אין מיטן) גאס. די דערוואקסענע יונגעלייט פלעגן זיך אנטאן אין לאנגע ווייסע כאלאטן, אויסגענייט, אדער אויסגעמאלן מיט גרויסע בלויע מגן דודס און זאמלען געלט פארן קרן קיימת. עס פלעגט אויך טרעפן אז א גרויסע גרופע שקצים פלעגט באפאלן די זאמלער אזוי אז זיי האבן זיך קוים געראטעוועט. מיין פלימעניק יצחק־יעקב האט איינמאל א שגץ דעם קאפ געשפאלטן מיט אן אייזערנעם שטעקן. צו דער סעודה פלעגן אויך קומען זאמלער פון מעות חיטים.



ערב פסח. דער פרילינג געפיל. עפעס אזוי האפערדיג. אויפן הארצן איז אזוי פריילעך. מען וואשט, מען סקראבעט, מען מאלט די ווענט, מען קאלכט די סופיטן, מען כשרט. מען נעמט אראפ פון בוידעם די פסחדיקע כלים. די מיסטעריעזע בדיקת־חמץ. מאן־און־ווייב גייען איבער אלע צימערן מיט א ליכט און פעדער אין די הענט און מ׳שארט אריין ברעקלעך חמץ אין א הילצערן קאכלעפל. חברה יונגווארג טרעפן זיך אויפן בארג הינטערן שוהל און דארט פארברענט מען דעם חמץ. דער טאטע שרייבט אויס מיט געצירקעלטע אותיות דעם שטר פון מכירת־חמץ, אויסרעכענענדיק זייער געניי אלעס וואס ער „פארקויפט" דעם קריסטלעכן מיל־אויפזעער פלאכארסקי.

דער סדר. אויפן שניי־ווייסן טישטוך ליגן אלע גוטע זאכן. די פסחדיקע ארץ־ישראל וויינען. די זילבערנע כוס פארן טאטן. די ספעציעל, אויך זילבערנע, כוס של אליהו. די קרישטאלענע כוסות פאר

די אנדערע גרויסע און דאס קליינע גלעזערנע כוסהלע מיטן אוערל פאר מיר. אלעס איז אזוי ריין און ציכטיק. און דאס געמיט אזוי פריילעך, ווארים. דער טאטע אין ווייסן קיטל אויף די הסב־בעט. איך פרעג די קשיות. דאס זאגן די הגדה מיטן ספעציעל־נאראטיוון ניגון. די געשמאקע מאכלים (ווי דען? די הגדה אן קניידלעך?) דאס „גנבענען" דעם אפיקומן און די אונטערהאנדלונגען צווישן מיר און דעם טאטן פארן „אויסלייזן" אים. דער פרייז: א ניי כאלאטל, א נייע פאר שיך, נייע הויזן, א ניי היטל און „טאשן געלט" וויפל איך וועל נאר וועלן. דער טאטע שמייכלט גוטמוטיג און איז מסכים. די פארכטיק־געשפאנטע עטלעכע מינוט ווען מען עפנט די טיר און מ'זאגט „שפוך חמתך". ווער נאך קען עס נאך אזוי ווייטאקדיק פארשטיין ווי אונדזער אומגליקלעך מארטירער פאלק, ספעציעל דער דור פון דער לעצטער וועלט מלחמה. פאר די אנדערע פעלקער — א מלחמה פאר מאכט — פאר אונדזער פאלק אבער א קאלטבלוטיקע אויסראטונגס קאמפאניע. נאך אלס קינד, זינט איך האב אנגעהויבן צו פארשטיין דעם פירוש־המילות, האט מיך דער „שפוך חמתך" אימפא־



רוזשקא (לינקס) און העניך (צענטר), די
קינדער פון בלומע און מרדכי ליפקא

נירט. דערנאך... „ויהי בחצי הלילה" און „אומץ גבורותיך". די צוויי קינסטלערישע פאעמעס. אין א פאר שטריכן גיט דער מחבר איבער גאנצע עפאכעס און וויכטיקע היסטארישע געשעענישן, און אלץ אזוי פארבענרייך און דינאמיש, דאס זינגען אל בנה, אחד מי יודע, חד גדיא. די אויגעלעך... קלעפן... זיך... שוין... ביי... מיר... אפשר צוליב די כוסהלעך, אדער צוליב דער שפעטער שעה... און איך פאל אריין אין א לאנגן, זיסן שלאף.

דערנאך א גאנצע וואך דאס „שפילן" אין ניס. מייסטנס — „שלאף־קעפל" און „ביטש". אפט פלעגט טרעפן, ווען דאס גריבל איז געווען פול מיט ניס איז ווי פון דער ערד ארויס, אונטערגעלאפן דער „לאפסער", א הויכער דראנג, אריינגעשטעקט די צוויי גרויסע לאפעס אין גריבל און אנטלאפן מיט די ניס. איינמאל אבער, האבן מיר אים אפגעטאן א שפיצל: מיר האבן אנגעפילט דאס גריבל מיט קלייסטער (א קלעפעכץ), אויסגעמישט מיט אסך טוש־טינט, וואס ס'איז זייער שווער אפצוּוואשן, פארדעקט מיט ניס און אים „געלאזט" „לאפסען". ער האט זיך אויסגעשמירט זיין נייעם יום־טוב אנצוג און מיר אלע האבן געקייכט פון געלעכטער.

חול המועד פלעגן קינדער אויך גיין צו דער משפחה צו קריגן „געפארבענע" אייער. די מאמעס פלעגן זיי קאכן אין ציבעלע־שאלעכץ און זיי זענען ארויס קאלירט.



ערב שבועות. גאר פרי, פלעגן מיר ארויס היִנטערן שטאט, אויסזוכן „קאלמעס" נעבן וואסער, זיי שניידן, אהיים ברייִנגען און זיי אריינשטעלן אין די פענצטער. צומארגנס דער אקדמות מיט זיין אייגנאַרטיקן ניגון. און די אידילישע און פשוטע מגילת־רות! די געשמאקע מילכיקע מאכלים. דער כשופדיקער סוף פרילינג, אנהויב זומער וועטער! יונגווארג קומט זיך צוזאמען און ס'איז אזוי גוט אויפן הארץ!



ערב תשעה באב. עס איז אזוי טרויעריק און קאלעמוטנע אויפן הארץ, פונדעסטוועגן האבן מיר געריסן „קרעץ" (שטעכעדיקע קאַט־שקעס) און בשעת איכה לייענען געצילעוועט זיי אין די בערד. שפעטער, ווען מיר זענען שוין געווען א ביסל עלטער און פארשטאנען דעם באדייט פון אונדזער נאציאנאלן טרויער־טאג, און דער טרויריקער יאמערדיקער איכה ניגון איז אריין אין אונדזער נשמה, האבן מיר געזאגט קינות צוזאמען מיט די דערוואקסענע. איך ווייס ניט פון וואנען דער מינהג שטאמט, נאר תשעה באב פלעגן מיר ייִנגלעך, אריינשטעקן הילצערנע שווערדלעך אין די קברים פון די פארשטאר־

בענער קרובים פון דער משפחה. מיר איז מיין יונג הערצל אוסגערונען ווען איך האב דאס געטאן אויף מיין מוטערס קבר. אגב, איז תשעה־באב איר יארצייט. די ביישטייענדיקע האבן מיך אנגעקוקט מיט רחמנות.

### יד

דאס „גיין קריאת שמע לייענען" צו די יולדות. מיר, חדר ייִנגלעך, שטייען נעבן דער קימפעטארינס בעט, קוקן אויף די שיר־המעלותן וואס הייגען ארום בעט כדי איר צו באשיצן פון די מזיקים, אבער מיר האבן אין זינען די גוטע זאכן וואס מיר וועלן קריגן. מיר הויבן אן יעדע צוויי, דריי ווערטער מיט א רעשיקן, מאנאטאנעם סטאקאטא, ווי א כאפטע הונגעריקע האלץ־פיקערס, גיבן א מאל אפ דעם פזמון איינס־צוויי־דריי און שטרעקן אויס די הענטלעך פאר די קיכלעך, צוקערקעס, ראזשינקעס, מאנדלען און ניס. אויב פרוי רוסאק, די אקושערקע אין ווייסן פראק, איז דארט געווען זענען מיר געווען מזלדיק: זי האט געטיילט טאפעלטע פארציעס. טייל מאל האט א קימפעטארינס מאמעשי אונדז געפרעגט „וואיעס איז ס'אהלעניש?" און אונדז געמאכט אנהויבן פון דאס ניי.



אט אזוי האבן אויסגעזען די יום־טובים און מנהגים אין יידישן שטעטל. אידיליש, פשוט, הארציק. אזוי האבן מיר געפילט אלס קינדער. זאל עס דא פארצייכנט ווערן כדי אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער, עד סוף כל הדורות, זאלן כאטש האבן א פאר שטריכן פון די אמאליקע פריידן און ליידן אינם יידישן שטעטל. און מיר, די לעבן געבליבענע — אויך. א נו, פרוווט אמאל אונטערברומען א כל־נדרי ניגון, אן אקדמות מעלאדיע אדער א מגילה נוסח און זעט אויב איר פילט ניט א בענקעניש. און איר מוסרט זיך אליין: „אַי, ווּ נעמט מען די אמאליקע אמונה... און דער שטיינפעלזיגער בטחון וואס גייט מיט דעם". דער רוב פון אונדז איז דאך ניט פרום. און דאס בידנע שטיקל עולם־הזה, מ'שטיינס געזאגט, וואס מיר כאפן אריין קרעקן מיר דאך אויס, ווייל מיר זענען דאך ניט אפילו איין צענטל פראצענט פארדארבן כדי עס קענען הונדערט פראצענטיק

גניסן. איז — לאמיר זיך כאטש ווארעמען מיט דאס ביסל אמונה פון אמאל און דערווייל פלאנען אן אמונהדיקע צוקונפט. דאס איז דער עצם יסוד פון אונדזער קיום... אלס יידיש פאלק אין מדינת ישראל און אין די תפוצות...

טו

מיין ערשטער מלמד איז געווען ר׳ חאצקל. זיין פאמיליע נאמען געדענק איך ניט. ביי אים האב איך געלערנט עברי און אנגעהויבן א שטיקל חומש, רש״י. ווי גליקלעך איז ער געווען וואס ר׳ פייביש האט אים אנפארטרויט זיין יינגל! איך האב אבער ביי אים געלערנט נאר איין זמן, ווייל ווי נאר איך האב „געכאפט דעם שניט״ איז דאס שוין געווען פאר מיר צו לאנגזאם. ווען דער רבי חאצקל האט נאך מיט די אנדערע יינגלעך „געקנעלט״ „נח״, האב איך שוין — פאר זיך אליין — געהאלטן ביי „דברים״. ער האט געהאט צוויי זין. דער עלטערער א הויכער ברונעט האט גערינט פאניען. ווען ער איז געווען אויף אורלויב, פלעגט ער שטענדיק פאר אונדז זינגען אין א לאנגן אויסגעצויגענעם טאן: פאיעכאל קאזאק! דער צווייטער זון, מעכל, פלעגט פאר אונדז מאכן ריטשאהזענעס (גליטש־אייזנס, ליזשוועס), פון א שטיקל האלץ אין וועלכן ער האט ארייגעקוועטשט א שטיקל „באנדאייזן״ (הארט בלעך). דאס האט מען צוגעשנאלט מיט א לעדער פאסיקל צו די שיך און מער געפאלן ווי זיך געגליטשט. אנצוהאלטן דאס שטיקל בידנע פרנסה פלעגט אונדז די רביצין אפט מכבד זיין מיט געבראטענע קארטאפל. אזוי ווי דער פאטער האט מיך ליב געהאט דאס חיות און מיר „נאכגעגעבן די שמד״, בין איך דעם גאנצן זומער ארומגעלאפן פריי. ווען ער האט מיך יא, אמאל אין א יובל, געוואלט כלומרשט מוסרן פלעגט ער צו מיר זאגן: „יאדוש — (פרצערטלעכט, „יאטל״) וואס האסטו שוין ווידער עפעס אפגעטאן?״ און זיינע קלוגע אויגן האבן דערביי געקוקט אויף מיר מיט אזא הארציק ווארעמקייט. איין זאך האב איך אבער יא זייער גערן געלערנט — לשון קודש פון דער „שפה חיה״. (די עלטערע פון אייך לייענערס, געדענקען מסתמא אט דעם ספר): פזמק, אזן, איש צבא. מיין „מורה״ איז גע׳ווען (יעקב?) ארדא.

מיין צווייטער רבי ביי וועלכן כ׳האב געלערנט חומש־רש״י און פסוק איז געווען ר׳ אברהם גאטליב. א זויבערער, שיינער ייד. בשעתן לערנען פלעגט ער „מאכן״ פאפיראסן. אויסלייגן דעם רויען רויך־טאבאק אויף פאפיר, אביסל באשפריצן, אנפילן א מעטאלן רערל מיט

זאוויסקעלעך מיטן טאבאק. פארמאכט דאס רערל, אריינגעשטעקט איין עק אין א „גילזע" און דורכן צווייטן עק דורכגעשטופט דעם טאבאק מיט א דין מעטאלן שטופערל. דאס פלעגט ער טאָן שנעל ניט קוקנדיק אפילו אויף די הענט. זעלטן האט זיך א גילזע צעריסן. דעם אויבערשטן טייל פון די פאפיראסן פארשוירן און פארפאקט אין טעקטורן קעסטל. דער ייד מוז האבן „געשטאפט" מיליאנען פאפי־ראסן אין זיין לעבן. הײנט מאכט עס א מאשין אין א האלבן טאג. עד האט אונדז קיין מאל ניט געשלאגן אדער געפאטשט. ער האט געקענט מאדעלירן די געגנשטאנדן וועגן וועלכע ער האט געלערנט מיט זיינע תלמידים. אזוי האט די געמאכט א מיניאטור־מאדעל פונם משכן מיט אלע גענויע דעטאלן: די קרשים, די יריעות, אפילו די קרסים ואדנים. אלעס פרעציז, פראפארציאנעל אין מאסשטאב. ער האט אויך געמאכט דעם חושן ואפוד און די מצנפת. ווען ער און ר' ניסן (אן אנדער רבי מיינער) האבן זיך אוועקגעזעצט שפילן שאך (פא דאבזשינסקאמו: שאַך) האט עס גענומען עטלעכע טעג צו ענדיקן. א וווּנדער? יעדער צוג האט געדויערט שטונדן. איינער האט דעם צווייטן ניט געאיילט. מען האט געטרונקען טיי, גערויכערט. ס'איז ביי זיי געווען א ריכטיקע צעשטרויאונג. מיר האבן זיי געלאזט ביים שאך און געגאנגען שפילן „פאלאנט". אין דעם שפיל איז ר' אברהמס זון, חיים'יע „מאטשעק", געווען א גרויסער בריה, א מזיק. ער האט קיין מאל ניט פארפעלט צו טרעפן די פילקע מיטן שטעקן און זי אוועקשיסן העט העט ווייט ווו עמעצער זאל זי ניט קענען כאפן. די פילקע האבן מיר געמאכט פון אלטע קאלאשן. צעשניטן די גומי אין לאנגע, דינע לאקשן, זיי געוויקלט ביז ס'איז געווארן א גרויסער, הארטער קנויל. האט אימעצער געכאפט דערמיט א קלאפ אין קאפ האט ער געקענט „גענעזענט" ווערן... ווען אימעצער האט יא געכאפט דעם באל האט ער זיך די הענט אפגעבריט צוליב דער רייבונג פון אימפעט. און געטאן האט ער עס אזוי גראציעז און לייכט אז אפילו די שקצים — דאס איז דאך „זייער" נאציאנאלער שפיל — האבן זיך אפגעשטעלט און באוווּנדערט. און ניט נאר ווייט האט ער דעם באל פארוואַרפן נאר אויך הויך, זייער הויך. דא אין אמעריקע, וואלט ער געווען אן ערשטקלאסיקער בייזבאל שפילער. אויסער דעם איז ער געווען א משורר און געהאט א זיסע שטימע.

מיין דריטער — און באליבסטער — רבי איז געווען ר' ניסן דעמבאוויטש. אן אויסגעדינטער, הויכער ייד. שטארק טאקע ווי א

דעמב און — שטריינג! (מיר האבן אים גערופן „קאזאק״, ווייל ער האט זיך פון קיינעם, אפילו פון די פיינע און רייכע יידן, נישט געלזאט שפייען אין קאשע). געלערנט האב איך ביי אים חומש־רש״י, גענדיקט פסוק, משניות, גמרא און אפילו שבתים געמוזט לערנען פרק. ביי אים האט מען „געמוזט״ לערנען און „געמוזט״ קענען. אויב ניט — האבן מיר געפילט דעם טעם פון עמלק. — — עמלק איז געווען א לאנגער לעדערנער פאסעק — איבערגעלייגט טאפלט. עמלק איז אונדז זעלבסטפארשטענדלעך ניט געווען צום הארצן. זענען מיר אלזא געקומען צו אן הבה נתחכמה — ווי צו פטור ווערן פון אים. אימעצער האט געהערט אז ווען מען רייבט איין לעדער מיט א סך קנאבל און מ׳גיט מיטן לעדער א זעץ פלאצט עס זאפארט. ער איז גרייט דערויף צו שווערן. קינדערשע איינפאלן! דאס איז געווען ווי אנגעמאסטן פאר אונדז. צומארגנס ווען דער רבי איז ארויס פון חדר פאר עטלעכע מינוט, האבן די צוויי „שטארקע״, אברהם משה „אבאל״ (טינסקי) און הערש־ליב „פאיפע״ (גליצענשטיין) גוט איינגעריבן דעם עמלק מיט קנאבל און ווּאלונטירט צו „פראוואצירן״ דעם רבי. ווען מ׳האט אנגעהויבן לערנען האט „פאיפע״ געמעקעט הויך ווי א ציג און „אבאל״ האט געריטשעט ווי אן אָקס. דער רבי כאפט דעם עמלק און מיר ווארטן אויפן נס — עמלק זאל צעשפרונגען ווערן אויף שטיקלעך. אבער צעשפרונגען נעבעך זענען שיער געווארן די צוויי קרבנות. און זיי האבן נאך געדארפט גוט אויסוואשן דעם קנאבל. און א וואונדער — טראץ דעם אלעמען האבן מיר אים באמת ליב געהאט. קינדער ווילן האבן איבער זיך א דיסציפלינירענדיקע אויטאריטעט. ניט נאר איז ער געווען א גוטער רבי, נאר אויך אונדזער גייסטיקער פירער. ער האט אונדז אינספירירט מוט און גבורה, מיר זאלן ניט מורא האבן פאר די שקצים. זיך קעגנשטעלן, צוריקשלאגן אפילו ווען מ׳ווערט צומזיקט. דאס האט אויף אונדז שטארק געווירקט און מיר האבן צוריק דערלאנגט. ווינטערצייט, בעת פרשת ויגש, פלעגט זיך זיין פאנטאזיע צעשפילן און דערציילן וואס די „מדרשים״ ברענגען בעת די בני־יעקב האבן זיך געטראפן מיט יוסףן: מנשה און אפרים זענען געווען אין יוספס סוויטע. איינער איז צוגעגאנגען צו יהודהן און דער צווייטער צו שמעונען און זיי ביידע מכבד געווען מיט א קלאפ אין פלייצע. האבן זיך יהודה און שמעון אפגערופן צו די איבעריקע: מאדנע, דאס פילט זיך ווי א קלאפ פון א „אונדזעריקן״, עס טוט שטארק וויי. דאס איז דאך אבער אוממעגלעך —

און מיר זענען באליידיקט געווארן. נפתלי! (די „אילה שלוחה”), דו גיב נאר א לויף איבער די גאסן פון שטאט און לאמיר וויסן וויפל הייזער עס זענען דא דא. ווען נפתלי איז צוריקגעקומען האט יהודה א געשריי געטאן: זייט גרייט, ברידער! די אלע הייזער וועלן היינט באשמירט ווערן מיט מצריש בלוט! — און דערביי האבן זיך די האר אויף יהודהס ברוסט אויפעשטעלט און געווארן ווי שטאלענע שפיזן. פארשטייט זיך אז יוסף האט אלעס פארשטאנען, האט ער באפוילן זיי ארומצוריינגלען מיט די העלדישסטע זעלנער, שטארקסטע רייטווער־ענער, פייערדיקסטע פערד, זיי אנטוואפנט און פארשלאסן אין א פעסטונג. און נאך און נאך אזוינע פאנטאזיעס. מיר יינגלעך זענען געזעסן צוזאמענגעהוידעט, זיך צוגעהערט מיט א פארכאפטן אטעם און זיך געפילט געהויבן און שטארק. יענע נאכט האבן מיר די לאמ־טערנעס איבערגעלאזט אין חדר און געהאלטן שטיינער אין די הענט, גרייט צו פארטיידיקן זיך.

און וועגן יהודה המכבי איז דאך אפגערעדט. עס זעט אויס (היינט, ביי מיר) אז ער האט ערגעץ דערטאפט דעם ספר חשמונאים א—ב פון די כתובים אחרונים, ווייל די אלע מעשיות פון די חשמונאים האט ער דערציילט מיט אלע פרטים. אזוי האט ער אויך דערציילט פון תרגום שני וועגן שלמה המלדס גדולה און נאך און נאך. אלץ העראישע זאכן. ל״ג בעומר איז געווען גאר ספעציעל. מיר האבן זיך געפילט אזוי זיכער ארום אים בעת מיר האבן מארשירט מיט די פאלעבויגנס (פייל־און־בויגן) און פעקלעך שפייז צום וועלדל. דארט האט ער אונדז דערציילט באריכות וועגן בר־כוכבאס גבורות און זיין פנים האט געשיינט פון התלהבות... דערנאך האט ער אונדז געוויזן ווי זיך צו פארשטיידיקן מיט א שטעקן אפילו קעגן פיר אנפאלער מיטאמאל. דאס האט ער געלערנט אין מיליטער, האט ער געזאגט. געלאפן מיט אונדז אין „ווישציגעס”, געצייגט ווי אריבערצר־שפרינגען אברייטן גרוב, וואס האט אונדז אויסגעזען צו זיין אומ־מעגלעך. דעמאלט איז ער געווען ניט נאר אונדזער רבי, נאר אויך א מדריך. ער איז אויך געווען דער בעל־קורא און בעל־תוקע אין אונדזער אטוואצקער שטיבל. ער האט, משמעות, א סך געהאלטן פון מלבים, ווייל פיל מאל פלעגט ער זאגן דעם פאטער: דער מלבים זאגט אזוי, דער מלבים פארטייטשט אזוי, דער מלבים, א.א.וו... נאך עפעס האט ער איינגעפירט: א לערער איז אריינגעקומען אין אונדזער חדר אונדז לערנען רוסיש. דער לערער האט געהאט א מאדנעם נאמען:

קראָטוווּרשט. מיר האָבן אָנגעקוואַלן און מקנא געווען ווי דער רבי רעדט מיט אים רוסיש אַזוי שנעל און לייכט. דער קראָטוווּרשט האָט אַפּלינירט די שוואַרצע טאַבליצע מיט קרייד אין דיאַגאָנאַלע ליניעס שנעל און פּינקטלעך און אָנגעשריבן ווערטער — ווי געדרוקט! אָנגעהויבן האָבן מיר מיטן ביכל „רוסקאַיאַ ריעטש" (די עלטערע לייענערס געדענקען מסתמא: לאַפּאַ, פּילאַ, קאַשקאַ).

דערנאָך איז מיין רבי געווען יוסף־אליה — דאָס „שטעקעלע". ער האָט געהאַט אַ גאָר וואַזשנעם פּאַטענט: האָט אימעצער אַרויס־געקוקט פון דער גמרא האָט ער אים שנעל אַ כאַפּ געטאָן ביים נאָקן מיטן אויסגעבויגענעם, האָקנדיקן טייל פון שטעקעלע און צוגעצויגן דעם יינגלס פּנים צום ספר. אַט דעם איינפאַל האָט ער מסתמא „גע־כאַפּט" פון די גענדזנטרייבער, וועלכע האָבן אַזוי געטאָן צו די גענדז, וואָס זענען אַוועק פון דער „פּאַטשטשע". ביי אים האָבן מיר געלערנט נאָר גמרא מיט מפרשים. ער איז געווען אַ בייזער און דער לערנען האָט ניט געהאַט קיין טעם. אַלעס כאַפּ־לאַפּ. אַ פּאָר חדשים און אַרויס!

מיין לעצטער רבי איז געווען ר' חנא מענדעלסאָן — „שוועגטי־יאַן". פאַרוואָס „שוועגטי־יאַן"? ווייל אויב אימעצער איז אַ טאָג ניט געקומען אין חדר האָט ער אים צומאָרגנס געפרעגט, אין אַ הייזעריקע באַס־שטימע: „וואָס פאַר אַ יום־טוב איז נעכטן געווען — שוועגטי־יאַן?" ער האָט ניט באַנוצט קיין „מכשירים" צו שלאָגן. געלערנט האָב איך ביי אים גמרא מיט תוספות און אַנדערע מפרשים. ווען מיר זענען געקומען צו אַ ביסל "פעפערדיקע" שטעלן אין גמרא און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן „שושקען" און לאַכן, פלעגט ער אונדז איילן און שרייען: „ני, זוג שוין וואָהטער, די שייגאַצדיקער יינג!" מיר האָבן „פאַרלוירן" די שורות און געדאַרפט ווידער אָנהויבן... מיר האָבן ביי אים גוט געלערנט און געווען זייער פריי, שוין צו פריי. פאַר אַ געוויסער צייט האָבן די אַלע מלמדים געמאַכט איין חדר, אַ סאָרט ישיבה קטנה, מיט כיתות און לערער — סאַלאַמאָן, לעווינסאָן און אַנדערע פאַר שפּראַכן און לימודי חול. ביזוויילע האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט מלחמה. מיינע ברידערס קינדער און איך האָבן געהאַט פּריוואַטע לערער פון פּלאָצק און וואַרשע. מיר האָבן זיך געגרייט אַריינגיין אין וואָלצלאַווקער יידישער גימנאַזיע. מיין בעסטער רבי אָבער איז געווען — מיין פאָטער. בעת וואַקאַציע אין אונדזער גוט, גרודזע, פלעגן מיר אויפשטיין אַרום פינף פאַרטאָג און געשמאַק

געלערנט ביז אכט. אין די עטלעכע שעה האבן מיר מער „געדעקט" ווי א גאנצע וואך אין חדר. א שאד! גירסא דינקותא קען ניט סטאיען אויף צו לאנג. א פנים, אז דער „והגית בו יומם ולילה" איז אמת, אבער דאגת פרנסה, דאגת משפחה און דאגת געזונט וועגן זייער שווער... פארוואס עפעס והגית, בלשון יחיד? די תורה איז דאך פאר אלע יידן. נאר דער תירוץ איז פשוט. ווען אלע יידן וואלטן תמיד לערנען, וואָלט ווער געאקערט, געזייט, געשאפן, געבויט א. א. וו. א רב אדער א מנהיג רוחני דארף יא עוסק זיין בתורה.

טז

פון דרויסן איז דער דאבזשינער בית־הכנסת, אדער די שוהל, ניט געווען אימפאזאנט. א ניט צו הויכע, אבער זייער ברייטע און מאסיווע געביידע — מ'זאגט אז מיט יארן צוריק איז עס געווען א טוך־פאבריק — אבער אינעווייניק, באלד ביים אריינגאנג, פארן באלעמער, אביסל אַרויפצו צו דער עזרת נשים — איז געווען אויסגעמאלן קבר רחל אמנו. און פון ביידע זייטן פון דעם געמעל — קבר שמואל הנביא און יד־אבשלום. אין אנדערע פלעצער — טיפער אין דער שוהל — אשל אברהם, מערת המכפלה, הר ציון און אנדערע ערטער פון תנ"ך. ווייטער, נעבן ארון־קודש, פונעם אנהויב סופיט ביז נאך־העלפט פון די ווענט, האבן „אראפּגעהאנגען" פלושענע, טיף־רויטע יריעות. אזוי נאטירלעך געפאלדעוועט, איבערגעלייגט אין א האלב־רונדיקן בויג, וואס האט זיי געהאלטן אויף געפלאכטענע גאלד־קאלירטע שטריק, פארענדיקט מיט גאלדענע קוטאסן. דאס אלעס איז געווען אזוי נאטירלעך, כאטש גיי־צו און צי די יריעות אביסל ארויף אדער אראפּ, אהין אדער אהער. דאס מייסטערווערק איז אבער געווען דער סופיט. דארט, וווּ די ווענט ענדיקן זיך און דער סופיט הויבט זיך אן, האט מען „געזען" הונדערטער קינסטלערישע „קנעפּ" צו וועלכע ס'איז געווען „צוגעקנעפּלט" א ריזיקער איי־שאל קאלריטער ליילעך, אויף וועלכן ס'זענען געווען אויסגעמאלן טויזנטער צארטע בלימלעך, יעדעס אין א באזונדער קעסטעלע. אומגעפער ביים העלפט פון סופיט, העט אויבן, נעבן דער גלעזערנער קופאלע, ווו דאס טאג ליכט האט דורכ־געדרונגען, האט זיך דער ליילעך אויסגעבויגן אין צוויי גרויסע דריי־עקן. יעדער עק „צוגעקנעפּלט" צו א גרויסן „קנאָפּ". אין די אפענע, אנטפלעקטע טיילן, האט מען פון איין זייט געזען ווי פון א קארני־קאפּיע (הארן פון שפע) האבן זיך ארויסגעשאטן פּרוכטן פון תנ"ך: וויינטרויבן, פייגן, טייטלען, מאנדלען, עפל, מילגרוימען א.א.וו. אויפן

אנדערן אנטבלויזטן דרייעק זענען געווען אויסגעלייגט אין פארשיי־דענע פאזיציעס מוזיקאלישע אינסטרומענטן פון תנ״ך: א הארף, פידל (אין אן אנדער פארם), זיטער, צימבאלן, טאמבורינס, פייקלעך, פייפלעך, חצוצרות, שופרות א.א.וו. דאס איז געווען א ווונדערבאר קינסטלעריש מייסטערווערק. מ׳זאגט אז די קינסטלער האבן דערויף געארבעט כמעט א יאר צייט. בשעת קריאת התורה אין אונזער שטיבל פלעג איך אריבערגיין אין שוהל און באוווּנדערן דאס מייסטער־ווערק ביזן סוף דאוונען. פיל מאל בין איך אהיימגעקומען מיט א שטייפן נאקן. ס׳האט זיך אבער געלוינט! דער נחת־רוח!

יז

און איצט א ביסל וועגן דאבזשינער לשון. צוליב דער הארטער נאענטקייט מיט דייטשלאנד האבן מאנכע ווערטער געקלונגען מאדנע, ספעציעל זייערע ענדונגען. אין דייטש, ווען מ׳וויל פארקלענערן אדער פארצערטלען א זאך נוצט מען די ענדונג Chen כיען. די דאבזשי־נער יידן האבן עס איבערגענומען און ס׳איז ארויסגעקומען א צוזא־מענמישעניש פון א וייכער, צעקוועטשטער כאף — כ — מיט א האלב־צעמאזשגעטער יוד—און צוזאמען—כיע: א מיידכיע, א יינגלכיע, א טישכיע א.א.וו. די ענדונג כיע איז אויך באנוצט געווארן פאר קליינוווּקסיקע אדער טייערינקע מענטשעלעך. צום ביישפיל: לאמיר גאין צו רוסאקכיען, לאמיר פרעגן אברהםכיען; שמואלכיע (קאהן), זינג עפעס! א. א. וו. די אלטע פלעגן גיין נאך ווייטער און זאגן מיידעלכיער און אינגעלכיער. מילא, דאס איז נאך צו דערליידן. עס זענען אבער געווען ווערטער וואס נאר דאבזשינער האבן באנוצט און נאר דאבזשינער האבן פארשטאנען. און אט איז א צעטל פון עטלעכע פון זיי:

שמאיקפאפכיע: א פאפיראס — אדער ציגאר — האלטער, געמאכט פון האלץ, באקעליט אדער בארנשטיין.

שאַהנכיע: דאס אנגעזעענסטע, דאס בעסטע, צום ביישפיל: ער איז דאס שאהנכיע אין דער משפחה.

א האהטכיע: א הייטל. ווען א יידענע האט געוואלט א פעט עוף האט זי עס אויסגעטאפט און צעבלאזן די פעדערן צו וויסן אויב דאס האט א האהטכיע.

טומבאנק: א צאל־ארט, ווו קונים באצאלן דעם קרעמער („דלפק״ אין עברית).

ריטהשאהזענעס: גליטשאייזנס.

נאַגעס אדער אַהנגעלאיגטע קלויצקעס: קליסקעלעך געמאכט פון קארטאפל אדער ווייצן־מעל.

אַהנזאלצען: איינשטעלן געלט אין א שפיל.

אפקוטערן: געווינען געלט אין קארטן, ווערפל אדער „ביינער" שפיל.

לאפסען, צילאפסען: צולאטכענען, צוכאפן אן מורא, צולקחענען.

כליהפסען, ציכליהפען: גנבענען בשתיקה.

פלימפ: א וואסער פאמפע. ווער געדענקט ניט די פלימפ אויפן „טארעק"?

פלעדערוויש: א באפעדערטער פליגל פון א געשחטן עוף, גענוצט פאר ארומשטויבן.

און אַט איז א „פערל" — ציפראנכיע. איר זאלט זיין מיט צען קעפ וועט איר ניט טרעפן. איך וועל אפילו געבן אן אָנווונק. זיצן צוויי יידן אין שוהל און איינער זאגט: „דאס ציפראנכיע איז דאך היינט געוועז ציקער־זיס!" וואס זאגט איר, מארציפאן? אייסעך וואס! — ניט געטראפן! ציפראניע איז גאנץ איינפאך: א קליין, יונג סאפראנעלע. ד.ה. דאס משורר האט היינט געזונגען א מחיה צו הערן.

זיללער: א בוידעם.

און נאך, און נאך...

עד כאן דאבזשינער „פילאלאגיע".

## יח

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטער דער דייטשער אקופאציע, האט דאבזשין זייער פראספערירט, מאטעריעל און גייסטיק. זי האט ניט געהאט די אימהדיקע: „נאשי" — רוסן און „וואשי" — דייטשן, פראבלעמען מיט וועלכע די פאליאקן האבן געסטראשעט און פיל מאל דורכגעפירט, העלפנדיק די רוסן ראבעווען און דערשיסן יידן אלס „שפיאנען". דאבזשין האט געהאט מזל אז פון דער ערשטער שעה ווען די דייטשן זענען אריין זענען די רוסן ניט צוריקגעקומען. נאכן באוווסטן גירוש איז די באפעלקערונג צוריקגעקומען און ס'האט זיך אנגעהויבן א זייער גרויסער האנדל. די דייטשן האבן גוט באצאלט פאר טויזנטער פערד, בהמות און תבואה. פון דייטשלאנד האבן יידן געקויפט זייף, רויך־טאבאק, פאפיראסן און אנדערע ארטיקלען וואס

ס'איז דעמאלט געווען שווער צו קריגן אין פוילן. עס זענען אנגעפארן סוחרים פון ווייטע מקומות. עטלעכע צענדליק ארימע משפחות פון פארשיידענע טיילן פון פוילן האבן די דאבזשינער יידן איינגעארדנט און פארזארגט מיט פרנסה. דער הקדש אין דאבזשין איז שטענדיק געווען פול, ווייל אין קיין אנדער שטאט האבן די אורחים ניט געהאט אזא שפע ווי אין דאבזשין. אבער דאבזשין האט באשטעטיקט אז לא על הלחם לבדו יחיה האדם. עס האט זיך צעבליט א רייך געזעלשאפ־טלעך־קולטורעלע טעטיקייט. רעדעס, דיסקוסיעס, רעפעראטן, לעק־ציעס, דעבאטן זענען אנגעגאנגען אין אלע לאקאלן. „הרצליה" און „התחיה" האבן געווימלט און געשוויבלט מיט יוגנט. דער פועלי־ציון לאקאל איז געווען לעבעדיק מיטן ענערגישן און אינטעליגענטן בינם זאקליקאווסקי. אזוי אויך דער בונדיסטישער לאקאל. אין דער שיינער ביבליאטעק זענען אנגעגאנגען זיצונגען, בארעטונגען, פלאנירונג א.א.וו. זייער אפט זענען געווען טעאטער פארשטעלונגען. דעס חזנס זון יעקב ברוך דעגאלע האט אוועקגעלייגט א קעלמער מגיד אין „דארפס־יונג" אז ס'איז געווען א מחיה צו הערן און זען. דער טאלאנטפולער יונגאטש וואלט דא, אין אמעריקע, ווייט דערגאנגען. די ריפינער און דאבזשינער פלעגן זיך אפט צוזאמענקומען. אגב, זאל באטאנט ווערן אז די ריפינער און דאבזשינער מיידלעך זענען געווען מלא־חן, אסך פון זיי אמתע יפהפיות. אפילו היינט, פילע פון זיי באבעס, האבן נאך דעם אמאליקן חן און די שיינע שטריכן. ווער זאגט אז מ'מוז מאכן פאלשע קאמפלימענטן צו זיין אנגענומען? אט האב איך, אין די עטלעכע שורות, זיך איינגעקויפט אין לאסקע ביי די צוויבערלעכע באשפענישן, און דאס מיטן ריינעם, פשוטן אמת. דאס איז נאך גארניט: געווען ביי אונדז א ייד, ווען ער האט אמאל געדאוונט פארן עמוד האט ער געמאכט א הייליקע און וואזשנע ב ר כ ה פאר פרויען. ווען ס'איז געקומען צו מברך השנים, האט ער די ברכה אזוי פאמ־עלעכקעס, טויט ערנסט, געענדיקט אין אן אויסגעצויגענעם, אויסגעזונ־גענעם: ברוך אתה ה' מברך ה נ ש י ם. די מתפללים דערנעבן האבן אויסגעסטארטשעט די אויגן, געקוועטשט מיט די פלייצעס און זיך מתרעם געווען: „מנע!, מנע!" נאר גיי שריי חי וקיים אז די ברכה איז שוין העט אויבן. איך בין כמעט זיכער אז ווען די תמימותדיקע ברכה האט דערגרייכט צום כסא הכבוד האט דער בוחן־לבבות, כביכול, אונטערגעשמייכלט...

לאמיר צוריקגיין צו דער קולטורעל־געזעלשאפטלעכער ארבעט.

מיר האבן אראפגעבראַכט אזעלכע לעקטארן, מטיפים און רעדנער ווי מילייקאווסקי, איטקין, זרובבל, הלל צייטלין, נח פרילוצקי, און אנדערע. דאס שטעטל איז געווען קולטורעל שעפעריש. ווי שיין האבן אויסגעזען די באחנטע פארלעד ווען זיי האבן זיך ארויס־געלאזט פארקויפן די בלוי־ווייסע קרן קיימת בלימעלעך ! די קולטור־רעל־רייכע חנוכה פארווייילונגען. די פורים שמחות. די חול־המועד פסח און סוכות צוזאמענקומענישן פון די דערבייאיקע ריפין, שערפּץ, לוביטש, ליפנע און אנדערע שטעטלעך. אזוי יום־טובדיק און הארציק ווארעם. א געמיש פון איידעלער ראמאנטיק מיט קולטורעלער ראפי־נירטקייט. וויפל כישופדיקע ווערטער האבן געפליסטערט און וויפל יונגע הערצער האבן געפלאטערט ! אי, אמאליקע שטעטל, אמאליקע שטעטל ! די שפּאצירן אויפן שאסיי הינטער די קאזארמעס און די ציגעלניע, דערנאך אראפ צו דער „סטרוגע" ווו מ'האט מיט הוילע הענט געכאפּט קליינטשינקע פישעלעך — „קאבזעס" ; דאס „גיין קיין זארעמבע", א דערבייאיק קליין יידיש גוט, און אויפן האלב־וועג זיך אפגערוט אין „זאגאי" (א יונג וועלדל) ; די אפיציעלע אויספלוגן אויסערן שטעטל און די פיקניקס. דער השומר הצעיר וואס איך האב געגרינדעט ווען ער האט נאך געטראגן אן אנדער כאראקטער. די דאבזשינער יידישע „ארמיי" — די סקאוטס, ועמען „פעלד־מארשאל" שמואל ברוך רוסאק האט אנגעפירט מיט אן אייזערנער דיסציפּלין. (טשעפּע ניט, ש. ! מעק גאר ניט אויס !) די יידישע סטראזשאגניאוועס (פייערלעשער) מיט הערשל לענט דער „שני למלך". די אסיפות אין שוהל און בית־מדרש ! ר' יצחק־משה אפּענבאך, זויבער געקליידעט, מיט א צעקעמטער גרוילעך שווארצער בארד פאנגט אן מיט אן אויס־געצויגענעם : ר ב ו ת י ! ; דער טאטע רעדט : מיט א ליכטיקן שמייכל הויבט ער אן ליבע יידן ! ; הערש אייזיק רעדט, מיט הארץ. אגב וועגן הערש אייזיק : ער האט געהאט שיינע, געלערנטע קינדער. איינער פון זיי, יהושע, איז געווען פון די גאר ערשטע סטודענטן אין חיפהער טעכניקום. דער עלטסטער, כתריאל, האט זיין גאנץ לעבן געווידמעט צו אנטוויקלען א שווארצע ראזע, איך ווייס ניט אויב ער האט מצליח געווען. ער און זיין ברודער אהרון האבן געהאט א גרויסן גארטן אין קוטנע ; איינע פון די מיידלעך (רוזשקא ?) איז געווען א בלאנדע שיינהייט ; יהודה האט גאנץ פיין געצייכנט.

אברהם צודקעוויטש רעדט : קורץ, פּראקטיש, און אנדערע און נאך אנדערע. די זיצונגען פון דאבזשינער ציוניסטישן ועד־הפועל אין

אונדזער הויז. מענדל פרום (מענדל „שייגעץ"), א „שניעק" אין פארגלייך מיט די איבעריקע מיטגלידער, א ווילער יונגאטש, רופט אויס: און איצט גייט מען ווילן דעם „פערמאנענץ אויסשוס". משה וורזשאס, דער זייער טיכטיקער סעקרעטאר, שמייכלט אונטער גוטמוטיק. דער ספאנ־טאנער אפרוף פארן קרן היסוד! יידישע פרויען, בנות ישראל, האבן אוועקגעגעבן זייער טייערסטע צירונג פארן הייליקן צוועק. ווען ס'איז אנגעקומען די נייעס וועגן דער באלפור דעקלאראציע בין איך געווען אין גימנאזיע־צימער. איז אריינגעקומען באכורסקי, דער מורה עברית, א געוואלטיקער העברעאיסט, געמאכט שהחיינו בקול רם און טרערן האבן זיך געגאסן פון זיינע שיינע, גרויע אויגן... און אויך פון אונדזערע... יידיש וולאצלאוועק איז געגאנגען כאַדאָראָם! שמחה וששון! א דער־הויבן געמיט! איך שטעל מיר פאר ווי דאבזשין האט געיובלט! דערנאך די הכשרה טעטיקייטן.

ביי דער געלעגנהייט מוז איך ווידמען א פאר שורות צו אן אינטעליגענטע און זייער באלעזענע פרוי: חנה־חיה קאטשער, ע"ה, א שוועסטער פונם רעליגיעז־לירישן משורר יוסף צבי רמון. ס'איז ניט געווען א בוך וואס זי זאל ניט האבן געלייענט. אט אזוי איז אנגעגאנ־גען אין אונדזער שטעטל די געזעלשאפטלעך־קולטורעלע טעטיקייט. יונג, אלט, פרום, מאדערנע, גבירים, עמך, אלע, אלע האבן געטאן זייער ארבעט בשלמות.

דער שטענדיקער וואלן־טאראראם מיט די „צעטלען" פון די פארשידענע פארטייען און פארטייעלעך. די גארגל־רייסעניש צו „איבער־צייגן" דאס „פאלק" — די ווילער. יעדע האט געוואלט „ראטעווען" די יידן — ווי דען?

יט

## און נאך, און נאך זכרונות

זכרונות. זיי האלטן אין איין שטראמען. טוקן זיך ארויס פונס נעפל פון דער פארגאנגענהייט. חמשה־עשר בשבט, דאס עסן דעם שטיין־הארטן באקסער, פארדארטע פייגן און מאנדלען. אז די בלינדע קישקע האט ניט געפלאצט איז פשוט געווען א נס. דאס אנעסן זיך אויף א „שלום זכר" מיט די געזאלצענע און געפעפערטע ארבעס און אָנפּאַיען זיך מיט קוואס און סאדע וואסער ביז בויכווייטאק, איז נאך א נס.

דאס אהיים גיין פון חדר אין ווינטער נעכט מיט א לאמטערן אין די האנט כדי אויסצומיידן די טיפע בלאטעס. די כסדרדיקע מלחמות וואס מיר, יאטן, האבן געפירט מיט די שקצים, מיט שטיינער, אָנגע־נעגלטע שטעקנס, „ביטשיקעס", שנאלן פון פאסקעס ביז — זיי האָבן אונדז געבטן זיי צו רו לאזן. די שליטן — אויספלוג אין די פראסטיקע ווינטער נעכט! ס'האט מיך שטענדיק דערמאנט אן פרוגס „יידישע טראיקע". די זומער טעג. דאס באדן זיך אין דרעווענץ — אדם נאקעט. דאס ציטערן אין א קאלטע נאכט אין דער סוכה. דאס גיין שבת צו „פארהערן". ווי גליקלעך זענען מיר געווען ווען דער פארהערער האט געגעבן א קניפ אין בעקל, געזאגט: „זייער גוט" און באלוינט דערפאר מיט „שבת אויבסט". דאס טראגן דעם אתרוג און לולב איבער די גאסן. און ווי דער דיין האט זיך בדחילו ורחימודיק געבוכטשעט אין בויך מיטן לולב בעת די נענועים. אז מען שמועסט א „ר־צדקתך" איז דאך ניט שייך! דאס מארשירן שמחת־תורה מיט די „בעניערס", מיט די רויטע עפעלעך און ליכטלעך אריינגעשטעקט אין זיי. דאס אויפרופן צום ספר „עם כל הנערים!" דאס שפילןביינער 21 אין חנוכה, און די מלמדים און פיינע יידן — קוויטלאך אין ניטול. דער „ברוך שפטרני". ווי מאדנע פאטער און זון האבן זיך געפילט דערנאך. דער פאטער: „אוי וויי, שוין אויס טאטע". און דער זון: „אוי וויי, שוין א ייד. מ'דארף זיין פארזיכטיק — פון איצט אן וועלן אלע עברות זיין אויף מיין אייגענע קאנטא". דאס „איינמאכן" די ציצית אין ארבע כנפות.

ריידענדיק וועגן עקסקלוסיווע קלובן: די שבת אדער יום־טוב פאר־מעריב שעהן אין שוהל, אין בית־מדרש און בפרט אין די שטי־בלעך. צוטיילט אין פארשיידענע גרופעס האבן יידן בנעימותדיק געררוי־כערט און גערעדט וועגן אלעם: גרויספאליטיק, לאקאלע ענינים, פרנסה, דאגות, געעצהט זיך, אינפארמירט — ביז אימעצער האט א זאג געטאן: שוין צייט מעריב דאווענען. און פון ברכו אן האבן אלע מיטגעזונגען דעם טראדיציאנעלן דאי־דא־דאי־טא, די דאי־די־דאם! און געענדיקט מיט דעם הויכן, אויסגעצויגענעם „המעריב ערבים!" די כיד המלך'דיקע פורים און שמחת־תורה סעודות וואס די ברידער מענדל און אברהם־הירש קאהן האבן געמאכט אין זייער הויז פאר די אלעקסאנדערער חסידים. מ'האט געשתיהעט ביז כעלות און געזונגען! די לויות מיטן סקארבאוון „צדקה תציל ממות" און דאס פושקע־

קלימפערניש. די חתונה־מארשן מיט דער שאלענדיקער מוזיק צו דער אפענער חופה, מייסטנס אויפן שוהל־הויף.

א פארנאכט אין בית־מדרש בין מנחה למעריב: יידן לערנען, ריידן, זאגן תהלים. פלוצלינג לויפט אריין א מאמע. א יידישע מאמע וואס איז גרייט זיך מקריב צו זיין פאר איר געליבט קינד. מיט א הארץ רייסענדיק קול יאמערט זי הויך: יידן, זאגט תהלים פאר מיין חולה־מסוכנדיק קינד. כהרף עין ווערט אומעטיק־שטיל. דער שמש גייט צו צו דער מאמע, פרעגט דעם קראנקנס נאמען. דערנאך גייט ער צו צום ארון קודש, עפנט דעם פרוכת מיט א האסטיקן צי, די רינגלעך אויף דער מעטאלענער שטאבע הילכן אפ שטארק. דער הימל האט זיך געשפאלטן! בלויז די גאלדענפעדיםמדיקע שטוקאטוריע פון די ספרי־תורה מענטעלעך בלישטשען ארויס פונם טונקעלן, הייליגן באהעלטעניש. יידן, אלע יידן — שוסטער, סוחרים, שניידער, גבירים, טרעגער, מלמדים, פני און סתם יידן — אלע, אלע זאגן תהילים מיט אזא השתפכות הנפש וואס מוז, בלי ספק, באותו רגע דערגרייכן צום כסא הכבוד... און... מכריז... זיין... לרפואה שלמה.

און נאך און נאך זכרונות וואס „פארבינדן" זיך ניט אזוי לייכט נאך פערציק־פופציק יאר. דאס זענען דאך די רינגעלען פון די לאנגע יידישע גאלדערנע קייט. יעדעס רינגל — אן אויסדרוק פון א שטייגער פון יידיש לעבן. יעדער דור — אויף זיין אייגנארטיקן שטייגער. און אט אזוי ציט זיך די קייט, כי עוד נמשכת השרשרת... און אזוי וועט זי זיך ציען עד סוף כל הדורות!

כ

דאס ערשטע מאל וואס איך גיי מיטן טאטן אלס ס ע נ ד ז ש ע (ריכטער) אין פוילישן סאנד (געריכט). א געפיל פון דערהויבונג און רעספעקט פארן ייד! דאס ערשטע מאל תפילין לייגן. דער ערשטער פאפיראס. דאס ערשטע ראזירן. מיין ערשטע באגעגעניש מיטן אטוואצ־קער רבין צוזאמען מיט מיין פאטער. דער ערשטער טאג אין א יידישער גימנאזיע. דעם ערשטן זעץ אין מארדע וואס איך האב דערלאנגט א שגץ וועלכער האט זיך געטשעפעט צו אן אלטן ייד. איך האב אים אוועקגעלייגט א צובלוטיקטן. ער האט זיך אויפגעהויבן און אנט־לאפן — דאס איז געווען דעם רבי ניסנס השפעה. דער ערשטער טאג אין א ריין פוילישן קונסטפאליטעכניקום אין בידגאשטש (פריער —

בראמבערג). הונדערטער אויגן שטעכן מיך דורך נאר איך און נאך איין יידישער בחור פון קוטנע, שטעכן צוריק מיט פאראכטונג און עקש־נות... און נאך און נאך „ערשטע" און אנדערע זכרונות און... דער... ערשטער... טאג... ארויס... פון... דאבזשין... אויף... אן... אמת:... אט אזוי וועבן זיך די זכרונות. די פעדים רייסן זיך איבער. קומען זיך ווידער צונויף, וויקלען זיך ווי א קנויל. דער קנויל ווערט אלץ גרע־סער, גרעסער. קייקעלט זיך אוועק וואס א מאל שנעלער, שנעלער... ביז ער פארשווינדט ערגעץ ווו אין דעם ענדלאזן נעפלדיקן חלל...

כא

איך האב באשריבן דאס לעבן אינם יידישן שטעטל דאבזשין. די געדאנקען און געפילן פון אן עברי־קינד, ביז א חומש־רש"י־פסוק־יינגל. ביז א גמרא בחור, ביז א גימנאזיסט. עס זענען געווען הונדערטער טויזנטער אזעלכע. איך האב באשריבן די טיפן און שעפערישקייט פון א יידישער קהילה. דאס אלעס קען זיין מער ווייניקער צוגעפאסט צו מינדעסטנס א טויזנט שטעט און שטעטלעך איבער פוילן, ליטע, אוקראינע, די באלטישע לענדער און אפילו מערב אייראפע. עס זענען געווען צענדליקע טויזנטער ר' פייבישעס, הונדערטע טויזענטע ווי אונדזער משפחה און מיליאנען יידן ווי דאבזשינער יידן. זעקס מיליאן! זעקס מיליאן קדושים וועלכע זענען אזוי אכזריותדיק פארשניטן געווארן. א דריטל פון אונדזער פאלק! ס'זענען ניטא קיין ווערטער צו באשרייבן דעם גרויסן בראך. ווען ירמיהו הנביא האט געיאמערט „כי גדול כים שברך" האט ער זיך ניט געקענט פארשטעלן אז נאך ערגערס קען געשען צו אונדזער פאלק. אבער עס איז דאך געשען און די וועלט, מיט ווייניקע אויסנאמען, האט קיין פינגער ניט געהויבן אפצושטעלן די פארטיליקונג. יעדעס מאל זענען געווען אנדערע תירוצים. וואס א מאל ווערן מיר היינט מער געוווּיר ווי אזוי, אונ־דזערע „פריינד" און „גרויסע" מענטשן האבן דאן רעאגירט, און מיר יידן זענען שטענדיק געווען דער שעיר לעזאזל פאר די חטאים פון דער גאנצער וועלט.

מיר קענען נאטירלעך די זעקס מיליאן צוריק ניט אויפלעבן, אבער דער חזון העצמות היבשות פון נביא יחזקאל ווערט פארוויר־קלעכט ווערן ווען מיר וועלן אלע זיין צוריק פאראייניקט אין אונ־דזער אייגן לאנד, פריי פון פרעמדע הערשונג און אונטערדריקונג, באשיצט פון אונדזערע אייגענע כוחות — א פאלק מיט פעלקער גלייך, אין אונדזער לאנד ישראל.

**שמואל מאירי־מיניבסקי**

# דער „חולם" וואס האט נישט זוכה געווען

די היסטאריע דערציילט אונדז וועגן פערזענלעכקייטן וועלכע האבן מיט זייער רייכער טעטיקייט אויף פארשיידענע געזעלשאפטלעכע געביטן געלייגט די יסודות פון געהויבענע אידעאלן פאר פראגרעס און ענטוויקלונג פון דער מענטשהייט, און מיט זייער גייסט האבן זיי באלויכטן די פארנעפעלטע סביבה ארום זיי.

דאס איז אפשר די ריכטיקע באדייטונג און באגרינדונג פון משה רבנו, די גרויסע פערזענלעכקייט, משה דער פירער, דער געזעץ געבער, דער קעמפער וועמענס לעבנס שטרעבונגען זענען געווען אזוי פילפארביק און ערגענצט מיט זיך אליין.

צו אט דער קאטעגאריע מענטשן געהערט אברהם (אדולף) בן פסח ריזענפעלד וועלכער איז געבוירן געווארן אין שלעזיע אין יאר 1878. ער איז ערצויגן געווארן אין א דארף, צווישן גויים, געלעבט מיט זיי, אבער האט קיינמאל זיינע ברידער יידן נישט פארגעסן.

די ליבע צו זיין גערודפט פאלק האט זיך געלאזט באמערקן אין זיין טאג־טעגלעכן לעבן, אין שריפט און איןווארט. ער פלעגט זיך תמיד אויסדריקן „מיין פאלק", דאס פאלק צו וועלכן ער איז געווען צוגעבונדן בלב ונפש.

ריזענפעלד איז געבענטשט געווארן מיט ספעציפישע מעלות, וועלכע האבן אים ערווארבן די סימפאטיע און פארערונג פון טויזנטער יידן וועלכע האבן אים פערזענלעך געקענט אדער געהערט זיין נאמען.

ער איז געווען באקאנט אלס ריזענפעלד דער אפטייקער, אבער ער איז אויך געווען א פירער און א חשובער כלל טוער, איז געשטאנען אן דער שפיץ פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין גאלוב. א פארזארגער אין פולן זין פון ווארט פון צענדליקע משפחות וועלכע האבן זיך גענוי־טיקט אין קאנסטרוקטיווע הילף. א דאקטאר — כאטש — אן א דיפלאמע — צו העלפן א קראנקן, א שרייבער, א רעדנער. אן איבער־געבענער צו דער משפחה — אזא מענטש איז געווען ריזענפעלד.

אט זע איך פאר מיינע אויגן די הויכע פיגור מיט דעם הדרת פנים, מיט דעם הארציקן שמייכל וועלכער איז געווען אויסגעגאסן אויף זיין ליבלעכן געזיכט אפילו אין ערנסטע מאמענטן פון צווייפל און צער.

איך זע אים אויך אין זיין טאג־טעגלעכע, אומערמידלעכע ארבעט אין דער ציוניסטישער באוועגונג וועלכער ער האט געווידמעט זיין בעסטע צייט, בעיקר כדי צו אריינדרינגען דעם באגריף פון ציוניזם אין די מוחות פון די פשוטע גלות יידן, ועכלכע האבן ווייט נישט פארשטאנען זייער גורל.

ער איז שטענדיק געווען גרייט מיט אן עצה אפילו ווען אזעלכע איז געווען פארבונדן מיט מאטעריעלע הילף, שוין אבגערעדט פון רעצעפטן פאר נויטבאדערפטיקע וועלכע ער האט פיל מאל געגעבן פריי, אן געלט.

ריזענפעלדס הויז איז געווען באקאנט אלס א צוזאמענטרעפס פלאץ פון יוגענטלעכע און עלטערע כלל טוער, וועלכע זענען געקומען זיך בעראטן אין קהלשע און פארטיי ענינים. זיין שלוסווארט ארויסגעזאגט מיט געזונטע לאגישע באגרינדונג האט מערסטנטיילס דעצידירט.

ריזענפעלד איז געשטאנען אין ענגער קאראספאנדענץ פארבינדונג מיט געציילטע דאבזשינער אין אמעריקע, ועלכע האבן דורך זיין השפעה געהאלפן מיט אנגעזעענע סומעט געלט די נצרכים אין שטעטל. ווער עס האט געלעזן זיין בריוו צו יעקב פאגל — עטלעכע טעג פאר דעם אויסברוך פון דער מלחמה — איבער דעם טרויעריקן מצב פון צענדליקע משפחות וועלכע זענען געבליבן כמעט אן קיין מיטלען צום לעבן, און די שווערע לאגע פון דעם רוב יידן אין שטעטל בכלל — האט געקענט פילן דאס אנגעווייטאקטע הארץ פון דעם גרויסן מענטש און איבערגעבענעם ייד, זיין דאגה איבער דעם גורל פון זיינע ארימע ברידער אין שטעטל.

די ציוניסטישע טעטיקייט איז געווען א חלק פון זיין לעבן. באלד נאך דער באלפור דעקלאראציע האט ער אונטערנומען א רייע רעפעראטן אין געשלאסענע און עפענטלעכע קרייזן, צו ערשט אין דאבזשין־גאלוב און נאכדעם אין אנדערע שטעט און שטעטלאך, צווישן זיי דאנציג. זיין ערשיינונג אין א קולטורעלע דייטשע שפראך האט געהאט א ווירקונג אויף זיינע צוהערער.

ער האט גענומען אנטייל אין עטלעכע ציוניסטישע קאנגרעסן,

צו וועלכע ער פלעגט פארן אין דער באגלייטונג פון זיין פרוי, און שפעטער אויך מיט זיין טאכטער, רות. דארט האט ער זיך באקאנט מיט פיל ציוניסטישע פירער, צווישן זיי מאצקין, גרינבוים, אוסישקין און אויך חיים נחמן ביאליק.

זיינע באריכטן פון ישראל האבן ארויסגערופן התלהבות ביי די צוהערער, בעיקר נאך זיין באזוך דארט בעת די ערעפנונג פון דער אוניווערזיטעט אין יאר 1925. זיין טיפער גלויבן אין ציוניזם אין וועלכן ער האט געזען די צוקונפט פון יידישן פאלק האבן אים געגעבן מוט און ענערגיע צו פלאנצן דעם געדאנק אין די הערצער פון די יידישע מאסן וועלכע זענען געקומען הערן זיינע רעפעראטן און איינדרוקן פון ארץ ישראל.

דורך א פארצווייגטע קארעספאנדענץ מיט ציוניסטישע כלל טוער האט ער דערקלערט און געוועקט צו אינטענסיווע טעטיקייט בעיקר אויפן געביט פון בייסטייערונג צו די ציוניסטישע פאנדן.

מיט זיין אומדערמידלעכע ארבעט האט ער געדינט אלס ביישפיל פאר טויזנטער יידן ; יעדער ייד וואס האט זיך געפונען אין זיין קרייז האט בייגעוווינט און מיטגעלעבט די דינאמישע ווירקונג פון זיין הויכגעשטעלטע פערזענלעכקייט.

ריזענפעלד דער מענטשן פריינד, דער איבערגעבענער פאטער און ערציהער, דער פארערער פון די דייטשע קלאסיקער געטע און שילער, האט זיך אין זיין געדאנק נישט פארגעשטעלט צו וועלכן תהום דאס דייטשע פאלק קען זינקען אין זייער שנאה צו יידן און דעריבער האט ער אויך נישט פאראויס געזען דאס דערנענטערן זיך פון דעם שוידערלעכן חורבן.

אין ריזענפעלדס היים און משפחה האט געהערשט די יידישע טראדיציע, און אויב ער האט שבת געמוזט עפענען די אפטייק איז עס געווען נאר צוליב דעם געזעץ, אז אפטייקן דארפן נישט זיין געשלאסן אפילו שבת און ימים טובים און אויך נישט אין חגאות. אבער ראש השנה און יום כיפור האבן מיר אים געזען צווישן די מתפללים אין דער שוהל נעבן דער בריק צוזאמען מיט זיינע ברידער יידן וועלכע ער האט אזוי ליב געהאט.

אלע האבן באוואונדערט זיין התלהבות צום ציוניזם. וויסנדיק אז ער שטאמט פון אן אסימילירטע פאמיליע, איז ער געווען ווי א רעטעניש. מען האט געוווּסט אז ער איז אויסגעוואקסן צווישן גויים, צווישן זיי האט ער באקומען זיין ערשטע ערציאונג און אין זייערע

בילדונגס אנשטאלטן האט ער געזויגן דעם דייטשן פאטריאָטיזם. אבער אין מאמענט ווען ער האט זיך צוזאמענגעטראפן מיט די מזרח איי־ראפייאישע יידן האט ער זיין שטעלונג אינגאנצן געענדערט און געוויד־מעט זיין לעבן דער יידישער נאציאנאלער באוועגונג.

פון ראציאנאלן שטאנדפונקט איז א ביסל שווער צו אנאליזירן די סיבות, וועלכע האבן באוויגן ריזענפעלדן צו זיין דראסטישער ווענדונג. אבער געוויס האבן דא געווירקט עמאציאנאלע מאמענטן, וועלכע זענען אפילו אים אליין נישט געווען אינגאנצן קלאר און אונדז איבערהויפט נישט.

אויף אונדז אלע ליגט א הייליגער חוב צו פאראייביקן דעם נאמען פון אט דער הויכגעשטעלטער פערזענלעכקייט וועלכער האט מער פון פיל אנדערע געווידמעט זיין לעבן פארן פאלק ישראל אין ארץ ישראל און אליין נישט זוכה געווען צו זען די פארווירקלעכונג פון דעם יארן לאנגן חלום.

אין דער היסטאריע פון אונדזער פאלק וועט זיין נאמען דער־מאנט ווערן אלס איינער פון די ערשטע פיאנערן וועלכע האבן געלייגט דעם גרונדשטיין פארן אויפבוי פון מדינת ישראל.

# מבית־לבית

**אלשטיין** הערשל און פאמיליע

**אלשטיין** ליב און פאמיליע

**אלשטיין** שמעון און פאמיליע

**אפענבאך** יעקב און פרוי, אומגעקומען

**אורבאך** מענדעל אן אייניקל אפגעראטעוועט, לעבט אין אמעריקע

**אלשטיין** יעקב און פאמיליע, א זון לעבט אין ארגענטינע

**אורדו** אסתר און קינדער

**אייזיק** הערש און פאמיליע, א טאכטער לעבט אין ישראל

**אייזיק** כתריאל געשטארבן אין ישראל

**אייזיק** (אשל) יהושע געשטארבן אין ישראל

**אייזענבערג** ניסן וולף און פרוי

**אייזענבערג** חיים ליב און פאמיליע אומגעקומען

**אלטמאן** און פאמיליע

**אלטעראוויטש** אליע לייב און פאמיליע, 3 זין אין אמעריקע

**ארנוב** בנימין אהרן

**ארפא** בנימין און פאמיליע

**ארפא** קלמן און פאמיליע, אומגעקומען

**ארפא** שמעון

**בלומענטאל** און פאמיליע

**בראנא** משה מענדעל און פרוי

**בראנא** מרדכי און פאמיליע

**בראנא** עקיבא און פאמיליע

**בערקמאן** מאיר, פרוי און זין אומגעקומען, 2 טעכטער און 1 זון לעבן אין ישראל

**בלעכנער** יצחק און פרוי

**באלאבאן** און פאמיליע, א זון לעבט אין אמעריקע

**ביעלאווסקי** פישל און פאמיליע, אומגעקומען, צוויי טעכטער לעבן אין ישראל

**בורטקע** הערש ברוך און פאמיליע, אומגעקומען, א זון **אפגעראטע־וועט**, לעבט אין קאנאדע

**בריצמאן** און פאמיליע
**בודזינער** שמעון און פאמיליע, אומגעקומען
**בודזינער** משה חיים און פרוי, געשטארבן אין אמעריקע, צוויי זין לעבן אין דעטראיט, אמעריקע
**בערמאן** הערש בער און פאַמיליע, די עלטסטע טאכטער חיה שיפרה ביעלאווסקי נפטר געווארן אין ישראל
**גאלדבראך** לוי זלמן און פאמיליע
**גערליץ** יוסף חיים
**גאלדמאן** יוסף און פרוי, די זין אברהם און שמעון לייב אומגעקומען, די טאכטער אסתר געשטארבן אין ישראל
**גליצענשטיין** מענדעל און פאמיליע
**גורפינקעל** ישראל און פאמיליע
**גאלד** זלמן און פאמיליע
**גאלאמב** וולף און פאמיליע
**גאנשער** יחזקאל און פאמיליע, אומגעקומען ; א זון אפגעראטעוועט, לעבט אין ישראל
**גרעבער** מיכאל (דער קברן) און זיין פרוי
**גרעבער** אברהם און פאמיליע
**גוטגלאז** מנשה און פאמיליע, אומגעקומען
**גוטמארגען** יחיאל מאיר און פרוי
**גאלדבערג** שמואליק, פרוי און קינדער אומגעקומען ; א זון און טאכטער לעבן אין ישראל
**גורני** מענדעל, פרוי און טאכטער אומגעקומען ; 2 זין געשטארבן אין אמעריקע ; איין זון יעקב לעבט אין אמעריקע
**גאטליב** אברהם און פאמיליע,,, א טייל פון די פאמיליע אומגעקומען
**גאנשאר** יוסף בנימין און פאמיליע
**גאלדרינג** נתן און פאמיליע
**געלער** שמעון און פאמיליע
**גראנער** שמעון און פאמיליע
**דראטווא** ישראל און פאמיליע
**דאבראשקלאנקא** שמואל און פאמיליע
**דאבראכאווסקי** און פאמיליע
**דז'אבעטע** און פאמיליע
**דאבארשקלאנקא** זלמן און פאמיליע
**דאבזשינסקי** הערשעל און פרוי

**דראגאן** אליהו און פאמיליע

**דראגאן** משה און פאמיליע

**דזשאלדאוו** אליהו און פאמיליע, אומגעקומען; א זון אפגעראטעוועט, לעבט אין דייטשלאנד

**דראטווא** יוסף יצחק און פאמיליע

**דיגאלא** לייב, דער חזן, און פאמיליע

**דראטווא** און פאמיליע, אומגעקומען; א זון א טאכטער אפגעראטע־וועט; דער זון אין ישראל, די טאכטער אין אמעריקא

**דאבזשינסקי** איטשע

**דיבאוו** יעקב און פאמיליע

**הערצקע** שלמה און פרוי

**הערץ** לייב און פאמיליע, דער דיין

**הארטבראט** מרדכי און פרוי

**הארטבראט** הערש, אומגעקומען אין פראנקרייך

**האלץ** מענדעל און פאמיליע

**הארואוויץ** נח און פאמיליע, די קינדער לעבן אין אמעריקע

**הארואוויץ** איטשע מאיר און פאמיליע, אומגעקומען; א טאכטער רבקה לעבט אין ישראל

**הירש** און פאמיליע

**וואלדענבערג** יהושע מאיר, פרוי און קינדער; צוויי זין לעבן; איינער אין ניו־יורק, דער צווייטער אין קאנאדע

**וואלדענבערג** יהודה אשר און פאמיליע

**וואלדענבערג** משה לייב און פאמיליע

**ווייסמעל** מענדעל און פאמיליע; צוויי זין געשטארבן אין אמעריקע, איינער לעבט אין טשיקאגא

**ווייסמעל** יוסף אליהו און פאמיליע

**ווייסמעל** יוסף חיים און פאמיליע, אומגעקומען

**ווזשוס** משה און פאמיליע, א זון יעקב לעבט אין ישראל

**ווזשוס** אברהם און פאמיליע, א טאכטער געראטעוועט, לעבט אין אמעריקע

**ווזשוס** יחיאל מאיר און פאמיליע, א זון לעבט אין ישראל

**ווארשאווסקי** בעריש און פרוי מינדעל

**וויור** מרדכי און פאמיליע

**זעלקאוויטש** עזריאל און פאמיליע

**זילבערמאן** שמואל יצחק און פאמיליע

